ספר

# חמדת ישראל

על

## חמשה חומשי תורה

כולל כל תרי"ג מצות ופרטיהן. עם הרבה טעמי המצות מספר החינוך. וספורים נאים מגמרא ומדרשים השייכים להמצות

ונלוה אליו מאמר

## עדות לישראל

והוא קיצור דברי הימים לבני ישראל, וראיות נכונות בחיזוק האמונה והדת, דבר בעתו לקרב לב הישראלי, לאהבת עמו ודתו, ארצו ונחלתו.

כל אלה חוברו יחדו בשפה המדוברת

מאת **אליהו דוב** בהרב הגאון מו"ר **ישראל דוד** ז"ל **מווילקאמיר**

דיעזער ספר ענטהאלט, אלע תרי"ג מצות אויף וועלכע מאנסלייט אונ פרויענצימער זיינען פערזאנט, מיט נייטיגע דינים, אונ פיעל טעמים פון מצות, מיט ספורים פון גמרא אונ מדרשים.

אויך אין קורצען די אידעשע היסטאריע מיט ריכטיגע ראיות אויף די היילינקייט פון דער אמונה, וועלכע קאן וויקן אויף דעם אידעשין גייסט אונ פערשטאנד. צו ליעבען דעם דת, דאס פאלק אונ זיין לאנד.

**ווארשא**

בדפוס ישראל ברוך ב"ר יוסף הכהן אלאפין

שנת בונה ירושלים לפ"ק

*ХЕМДАСЪ ИСРОЕЛЬ*

т. е.

Законы и постановленія для евреевъ. Соч. *Елья Гальперна*

ВАРШАВА

Въ Типографіи И. О. Алапина, Налевки № 47

**1899**

# מכתבי תהלה

ב"ה יום ד' ח"י סיון התרנ"ח פה בריסק

כבוד הרב הגדול וכו' מוהר"ר **אלי' דוב** בהרב הגאון ר' **ישראל דוד** ז"ל נתן נפשו לזכות את הרבים בחיבורו **חמדת ישראל**, בו ביאר את התרי"ג מצות בשפה המדוברת, ותועליות רבות בו נמצאו כי כל אשר אין מבין בלה"ק ידע התרי"ג מצות אשר זהו יסוד בקיום למוד התורה אשר הכל מוזהרין ע"ז.

ועוד זאת כי חיבר בכל מצוה דברי חכמה ומוסר לטהר הלב ולהמשיכו לתורה ויראה. והרואה בחבורו יראה כי יפה עשה מעשהו וכוון היטב הדבר. ע"כ יראו היקרים לתמוך בו שיוציא מעשהו לפועל למען טובת הרבים. והיה כל מסייע בזה יבורך בכל טוב וברכה.

**חיים הלוי סאלאווייציק**

בעהשי"ת

התורה ארוגה בפרד"ס, הפשט לכל ההמון, והפלפול והדרוש להנעלים, והרמז ליותר נעלים, והסוד לבחירי יחידי סגולה.

והנה ההמון המה הרבים אשר להם ניתן הפשטות, אבל זה היה מלפנים כשהיה התורה מונחת בקרן זוית וכל הרוצה יקחנה בלה"ק המדוברת אז במעט יגיעה, אבל משגלו בין האומות ונתבולל שפתם התרו לחבר ספרים בלשון המדוברת אז, כמו הגאונים והרמב"ם בלשון ערבית. בכדי להקל העבודה והיגיעה כשהיא בלה"ק שצריך רב להעתיק לו, ועתה נשתנה הלשון לסורסי זארגאן אשכנזית. עתה קם הרב הגדול כו' מו"ה **אלי' דוב** בהרב הגאון **ישראל דוד** ז"ל לסדר ספרו בלשון המדוברת את כל התרי"ג מצות לתועלת ההמון אשר להם ניתן הפשטות, ולהעירם גם על טעמי המצות בפשטיותם, ולחבב עליהם התורה והמצוה לפי ערכם ולעורר למוסר אזנם למען ישמעו ולמען ילמדו ולקיים את התורה הכתובה והמסורה מפי קבלת חז"ל הקדושים, מהראוי לעמוד לימינו ולעזרו בדבר הגדול הזה אשר בנ"י קשר האמונה בגלותם היא רק חיבורם בדת. זאת רק זאת היא אגודתם אשר על ארץ יסדה, ובזה יהיה ממחזיקי התורה והעם עד אשר יופיע השי"ת ממרום קדשו שנית כמו שהובטחנו ומלאה הארץ דעה את-ה'.

ד' הכו"ח **אלכסנדר משה** בלאאמו"ר מ' **צבי** זלה"ה **לפידותזאן** חופ"ק **ראסין** יצ"ו

בע"ה

ידידי הרה"ג חו"ב כ"י מ' **אלי' דוב** בהרב הגאון **ישראל דוד** ז"ל מפה, הראה לפני את ספרי חמדת ישראל על תרי"ג מצות אשר כונן ויגע ביגיעה רבה לפרשו וללמדם בשפת לשון המדובר בינינו למען אשר ידעו ויבינו את התרי"ג מצות כקטן כגדול.

עוד זאת כי הוסיף לזה מאמר בשם עדות לישראל לחזק האמונה והדת מי לא יבין כי נחוצים ספרים כאלה בעתים הללו אשר ירדה מצב היהדות עשר מעלות אחורנית, ובאמת דבר יקר ותועלת גדולה לעם ה' ספרו הנחמד כאשר הראה לדעת הרב המחבר בהקדמתו, לזאת אחלה מבנ"י הקדושים להכנים ברכה לתוך ביתם לקנות את הספר הנחמד אשר המחבר עמל עליו ימים רבים כאשר ידעתי, ובזכות זה יבורך בכל טוב.

דברי **שאול** בהגאון ר' **ישראל** זצלה"ה חופ"ק **ווילקאמיר**

# פרקי העדות

## העתקת דברי הרב הגאון מבריסק דליטא

כבוד הרב הגדול כו' מ' אליהו דוב בהרב הגאון ר' ישראל דוד ז"ל האט זיך אב גענעבען מזכה צו זיין די וועלט מיט דעם ספר „חמדת ישראל", אין דיזען ספר זיינען ערקלערט אללע תרי"ג מצות אין דער שפראך וואס ווערט ביי אונז איבעראלל גירעדט. דער ספר וועט בריינגען צו דער וועלט גרויסע נוצין, דען אפילו ווער עס איז ניט אימשטאנד צו פארשטעהען קיין לשון הקודש, וועט ער אויך וויסין די תרי"ג מצות, וואס דאס איז דער יסוד פון דעם פפליכט ווי מקיים צו זיין די מצוה פון למוד התורה, וועלכע אללע אהן איין אויסנאם זיינען אויף דעם פערזאנט.

אויך האט ער צו געגעבען ביי יעדער מצוה דברי מוסר, קלוגע רייד צו רייניגען דעם אידין די הארץ צו ציהען איהם צו תורה ויראה.

דער וואס קוקט גוט אריין אין זיין ספר זעהט ער ווי גוט ער האט דאס געמאכט, אונ געטראפין מיט דעם צו דער צייט. דארום איז דאס רעכט איהם צו שטיצין ער זאל זיין זאך ארוים בריינגען אויף דער וועלט צו ליב טובת הרבים, אונ דער וואס וועט איהם מיט העלפין וועט געבענשט ווערין מיט אלעם גוטעס אונ ברכה.

**חיים הלוי סאלאווייציק.**

---

## העתקת דברי הרב הגאון מווילקאמיר

ידידי הרב ר' אלי' בער האט מיר בעוויזין זיין ספר חמדת ישראל אויף תרי"ג מצות וואס ער האט געארבייט מיט גרוים מיהע צו בעשיידען אין געוויינליכין שפראך, בכדי אז פון גרוים ביז קליין זאלען וויסין אונ פארשטעהען די תרי"ג מצות, אויך האט ער צו געגעבען צו דעם א מאמר עדות לישראל אין חיזוק האמונה, ווער פארשטעהט דען ניט? אז עס איז צו יעצטיגע צייט נייטיג זאלכע ספרים, ווען דער מצב פון אידעשקייט איז ארונטער ה' ירחם.

אונ באמת איז דער ספר א דבר יקר אונ בריינגט גרויסע נוצין צום אידעשען פאלק, אזוי ווי עס ערקלערט אונז הרב המחבר אין דער הקדמה. לזאת בריינגט אריין די ברכה דעם ספר אין אייער הויז, וועלכע דער מחבר האט אויף דעם געארבייט יאהרין לאנג, בזכות זה וועט איהר ווערין געבענשט בכל טוב.

**שאול** בהגאון מו"ה **ישראל** זצלה"ה **מווילקאמיר**

# העתקת דברי הרב הגאון מראסיין במדינת זאמוט

די תורה הקדושה איז געגעבען צו לערנען איהר אין פיר אופנים מיט דעם נאמען פרד"ס, דאס הייסט פשט, רמז, דרוש, סוד, דער פשט איז געגעבען פאר דעם כלל וועלט וואס רופט זיך המון. פלפול אונ דרוש איז שאהן פאר העכערע קלאס מענשען. „רמז" פאר נאך העכערע. „סוד" פאר געקליבענע פון דור. דער המון זייא זיינען דער רבים וואס פאר זייא איז נור דיא פשטות פון דער תורה.

אלזא גאר פארצייטין ווען אידין האבען געוואוסט אונ גירעדט זייער שפראך לשון הקודש, האט זיך יעדער איד גאנץ לייכט געקענט לערנען, אבער פון דער צייט ווי מיר זיינען פארטריבען געווארין צווישין פרעמדע נאציאנען איז פאר מישט געווארען אונזער שפראך, האבען שאהן אונזערע פערשטעהער נאך געזוכט צו מאכען די ספרים אין דער שפראך וואס ווערט גירעדט.

די גאונים, דער רמב"ם, האבען געמאכט זייערע ספרים אין ערבית'ע שפראך בכדי צו פארגרינגערין דאס אללע זאלען קאנען פארשטעהען, יעצטיגע צייט האט זיך דאס מעהרסטע אב גישטעלט דאס מען רעדט דיא זארגאנישע שפראך. האט כבוד הרב הגדול מ' אליהו דוב נ"י זיך דער וועקט מסדר צו זיין אין ספר חמדת ישראל, מבאר צו זיין אללע תרי"ג מצות צום תועלת פאר דעם המון, וואס צו זיי איז איבערהויבט געגעבען די פשטות פון דער תורה. אויך ערקלערט ער עטוואס דעם פערשטאנד פון די מצות, איינצופליסין אין אידין די ליבע צו תורה אונ מצות נאך זייער ערך נאך, אונ צו דער וועקין צו מוסר זייער גייסט, בכדי זיי זאלין לערנען אונ וויסין ווי מקיים צו זיין די תורה, וועלכע איז געשריבען אונ איבער געגעבען פון די הייליגע חכמים איינע פון די אנדערע ביז משה רבינו.

דארום איז דאס רעכט צו שטעהען אין זיינער זייטע צו העלפין איהם אין דער גרויסער זאך, וואס נור דאס איז דער אידעשער בונד אין גלות, דער צונויף שלוס פון דת. אונ מיט דעם וועט דער וועלכער עס וועט מיט העלפין אין דער זאך זיין פון דיא שטיצער דיא תורה אונ שטארקער דאס פאלק ביז השי"ת וועט ערשיינען אין הייליגקייט פון דאס נייע אזוי ווי ער האט אונז צו געזאגט, דאס די גאנצע וועלט וועט פולל ווערין מיט געטליכע פערשטאנד.

**אלכסנדר משה לפידותזאהן חופ"ק ראסיין יצ"ו.**



# הקדמה

זְכֹר יְמוֹת עוֹלָם בִּינוּ שְׁנוֹת דֹּר וָדוֹר<br>
שְׁאַל אָבִיךָ וְיַגֶּדְךָ זְקֵנֶיךָ וְיֹאמְרוּ לָךְ:<br>
(דברים לב ז)

## א.

דִּיא נַאטוּר פוּן מֶענְשֶׁען אִיז צוּ לִיבֶּען דִּיא זַאךְ וָואס לִיגְט אוּנְטֶער דִּי דְרַייא כְּלָלִים: א) נַחֲלַת אָבוֹת. דָאס אִיז דִּיא זַאךְ וֶועלְכֶע עֶס קוּמְט בִּירוּשָּׁה, וָואס דִּיא יְרוּשָּׁה צִיהְט זִיךְ פוּן פְרִיעֶר אִיז זִיא בֶּעלִיבְּטֶער: ב) יְקַר הַמְּצִיאוּת. דִּיא זַאךְ וָואס זִיא אִיז אַיין אוֹיסְנַאם, אַיין אַלְטֶער אַנְטִיק: ג) דָּבָר הַבָּא לוֹ לָאָדָם בִּמְסִירַת נֶפֶשׁ. דִּיא זַאךְ וֶועלְכֶע מֶען אָפְּפֶערְט דֶעם לֶעבֶּען אִיבֶּער דֶעם.

דִּיא אַלֶּע דְרַייא פְּרֶעדְמֶעטִין גֶעפִינֶען מִיר אִין דֶער תּוֹרָה, אִין אִיד, אוּנ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. — פוּן אוּנְזֶער עֶרְשְׁטֶען פָאטֶער אַבְרָהָם, הָאבֶּען מִיר בִּירוּשָּׁה דִּיא דְרַייא זַאכֶען, עֶר הָאט גֶעהִיט דִּיא תּוֹרָה, בֶּעפָאר מֶען הָאט אִיהר גֶעגֶעבֶּען, פוּן אִיהם הָאבֶּען מִיר בִּירוּשָּׁה דֶעם נָאמֶען אִיד, אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. — דֶער אִיד, דִּיא תּוֹרָה, אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אִיז אַיין אַלְטֶע פִירְמֶע וֶועלְכֶע הֵיילִיג אִיז בַּיי אַלֶע נַאצְיָאנֶען. — יֶעדֶער וָוארְט פוּן דֶער תּוֹרָה, יֶעדֶער שְׁטֵיינְדִיל פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, יֶעדֶער גְלִיד יָעדֶער אָדֶער פוּן אִיד, אִיז אִין טַייכֶען בְּלוּט אוֹיסְגֶעבָּאדִין אוּנ גַאנְץ גֶעבְּלִיבֶּען, גְבִירִים, מִילְיָאנֶערִין, פִּהִילָאזָאפֶען מִינִיסְטָארִין, הָאבֶּען דֶעם לֶעבֶּען גֶעאָפְּפֶערְט, פַאר דִּיא הֵיילִיגֶע לַאנְד, פַאר דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל, פַאר אַ דִּין, פַאר אַ אִידֶעשִׁין מִנְהָג. טוֹיזֶנְדֶער מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט פַארְבְּרֶענֶען אִיבֶּער חִילּוּל שַׁבָּת, גַאנְצֶע שְׁטֶעט הָאבֶּען זִיךְ דֶעם לֶעבֶּען אוּם גֶעבְּרַאכְט, בֶּעפָאר דִּיא בֶּעצְוִוינְגֶער זַיינֶען גֶעקוּמֶען, זַייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פִילַייכְט וֶועלִין זַייא. נִיט קָאנֶען בַּיי שְׁטֶעהְן בַּיי דֶעם נִסָּיוֹן, פָאטֶערְס הָאבֶּען דִּי קִינְדֶער גֶעשָׁאכְטִין אוּנ גֶעמַאכְט אַ קָרְבָּה עַל קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, אוּנ דִּי קִינְדֶער הָאבֶּען אָמֵן גִּיעֶנְטְפֶערְט.

## ב.

אִין דֶער צַייט וֶוען מֶען בֶּעפְרַייט אוּנְז צוּ הִיטִין דֶעם שַׁבָּת, אוּנ דִּי גַאנְצֶע תּוֹרָה, אִיז דָאךְ גֶעוִוים אַז קֵיין אִיד דַארְף נִיט וֶועלִין מְחַלֵּל שַׁבָּת זַיין, אָדֶער עוֹבֵר זַיין, אוֹיף אַ מִצְוָה ווִילִינְדִיג. לֵיידֶער אָבֶּער אִין אוּנְזֶער צַייט הָאט מִיט אַיין פִינְצְטֶערִין ווָאלְקֶען בֶּעצוֹיגִין דִּיא לִיכְטִיגֶע אֱמוּנָה. בִּיז עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ שָׁאהְן זָאלְכֶע וָואס דֶערְוַוייטֶערִין דִּי תּוֹרָה אִין גַאנְצֶען, דִּי מִצְוֹת גַייעֶן אוֹיס פוּן דֶער מָאדֶע, דֶער פוּנְק

פון דת, אונ פון איין איד צום צווייטען, ווערט פערלאשען אונ מען זוכט נאך מיטלען צו פארשטיקין דעם פונק אין גאנצען, מען שעמט זיך מיט דעם נאמען איד, מיט דעם אידעשען געזיכט, מיט דער תורה. — דאס קומט אלעס ארויס פון חסרון ידיעה, מען וויל גאר ניט אריין קוקין אין א אידעשין ספר וואס בילדעט אויס דעם מענשען אין אללע הינזיכטין, אונ דורך איין טאג קומט ארויס א פהילאזאף אדער א פהילאזאפין פון דורך לערנען א ווערק אין לשון הקודש, אדער אין זארגאן, וועלכע זייא רעכענען דיא רייד פון פערפאסער פאר הייליג אונ זאגען א ברייטע דעה אין דער תורה וועלכע מצוה עס גיפעלט זייא אונ וועלכע ניט, ביז דאס מען ערלויבט זיך מבטל זיין וואס טויזינדער חכמים חכמי התלמוד האבען אין זייער לעבען געארבייט אין דעם יאהרין לאנג, אונ אנדערע ווייסין פון קיין זאך ניט, נור אז זייא קאנען מיט מאכען מיט דער מאדע, הייסט עס קלוג אונ געבילדעט, אויב מען מאג אדער ניט איז פיל גלייך, אונ מיט דעם נאנג ווערין די קינדער ערצויגען.

## ג.

משה רבינו האט דאס פאראויס געזעהן, פארזאגט ער, עס וועט זיין א צייט דאס דיא נייד וועלכע גענען דער אמונה, וועט זיין אנגענומען, איין פהילאזאף מיט זיין השערה וועט וועלין מכחיש זיין דעם אמת, וואס מיליאנען מענשען האבען געזעהען אונ געהערט, א פערפאסער מיט זיין ווערק וועט וועלין איבער שפארען טויזינדער הייליגע חכמים. —

זאג איך דיר אן, געדיינק די טעג פון דער וועלט, עס איז א וועלט פון נעקס טויזינד יאהר, עס איז גאר ניט אזוי נוייט עס זאל פאלען א טעות צוא פארגעסין דעם אמת, עס איז דא א גאנצע קייט צונויף געשלאסין, וואס האבען איבער געגעבען איינער צום צווייטען דיא ריכטיגע אמונה מיט דעם דת, וואס זייא האבען זעלבסט געזעהען אונ געהערט. —

וויל נור פארשטעהען דעם פערלויף די יאהרין פון יעדען דור, ועסט דוא זעהען דאס די נשמה פון אידין איז דיא תורה, אזוי וויא דער קערפער לעבט ניט אהן דער נשמה, אזוי לעבט ניט דער איד אהן דער תורה, ווען זיינען אידין גיווען גליקליך נור אז זייא האבען געלערינט אונ געהיט די תורה, ווייל דער איד, די תורה, אונ דער בורא, זיינען צוזאמען געבונדין וויא איינס [1] וועסט דוא אבער וועלין זאגען איך האב ניט געזעהען? איך האב ניט גיהערט? פרעג דיין פאטער וועט ער דיר דערצייילין וואס ער האט גיהערט, אונ דייגע פאר־עלטערין ביז ארויף וועלין דיר זאגען דעם אמת, וואס זייא האבען זעלבסט געזעהען.

ביי אללע נאציאנען איז אנגענומען צו גלויבען עדות ווען אויך דער שכל טראגט ניט בשום אופן צוא גלויבען דאס. — דורך עדות טוירט מען א מענשען

[1] ישראל ואורייתא וקוב"ה כולא חד.

צב"ש וועט צוויא עדות זאגען אויף דעם בעריהמסטען מענשען אין דער וועלט דאס זיי האבען געזעהען וויא דער מענש האט געטוידט א מענשען, הרג'ת מען איהם, אונ מיר זאגען ניט, דאס די עדות דוכט זיך, אדער זיי האבען א שנאה אויף איהם.

אז מען האט געגעבען דיא תורה, האבען געזעהען א ערך דריי מיליאן מענשען, איין קלונער דור איז דאמאלס געוועזען, וויפיל משה האט זיי געוויזען מופתים, אונ זיי האבען איהם אללעס געפרובט.

אומגעריכט האט מען זיי די תורה ניט געגעבען, זיי האבען געהאט צייט דורך צו טראכטען די זאך, דען משה האט זיי פריער אנגעזאגט, אז מען וועט זיי געבען א תורה.

# ד.

בעטראכט נור וועו עס וועט דיר זאגען דער גרעסטער פראפעסאר, מאגסט טרינקען די וואססער פון דעם קוואל, עס איז אין איהם קיינע געפאר לויט מיין פערשטאנד, וועסט דו איהם דען גלויבען? בעת אז עס איז בעשטימט דאס ווער עס טרינקט פון די וואסער שאדט איהם. — דאס גלייכען ווי קאן דיר שאהן קלינגען אין דיינע אויערין די השערה אונ די רייד פון די וואס ווילען עטוואס לייקענען פון אונזער הייליגער אמונה, בעת אז עס איז ידוע דער אמת אהן א שום ספק.

אז עס איז געוועזען א בית המקדש איז בעוואוסט. — אז שלמה האט געבויעט דעם ערשטען בית המקדש ווייסין אויף אללע. — שלמה איז געוועזען פיר הונ־דערט אכציג יאהר נאך יציאת מצרים אונ קבלת התורה. אין א פארלויף פון אזוי א קורצע צייט פאלט ניט קיין טעות. — שלמה האט געלערינט ביי זיין פאטער דוד המלך, וועלכער האט געלערנט ביי שמואל הנביא. שמואל ביי עלי עלי ביי פנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן, אונ פנחס האט דאך אללעס ריכטיג געזעהען אונ געהערט.

ביי קבלת התורה זיינען געוועזען זעקס הונדערט טויזענד מאן אויסער פרויען אונ קינדער, וועלכע די אללע זאגען עדות אויף דער תורה.

תורה שבכתב, דאס איז די ספר תורה. אונ תורה שבעל פה, דאס איז די רייד פון די חכמי התלמוד וואס ערקלערין די ספר תורה.

ביי קבלת התורה איז נאך געוועזען וואס האבען עדות געזאגט אויף די ספורים אונ נסים פון דער תורה.

פון שלמה'ס צייט איז ווידער איבער געגעבען געווארען, דורך חכמים פהילאזאפען, בעגלויבטע לייט א דור נאך א דור, וועלכע זיי האבען קיינע פניות געהאט. זיי האבען קיין געלד גענוממען פאר זייער חכמה, זיי האבען קיין מתנות גענוממען, זיי זיינען געוועזען דער ריינער אמת. פאר דעם כלל ישראל האבען זיי דעם לעבען געאפפערט.

פון זיי איז גֶעוֶוען גְבִירִים מִיט אֵיינֶגֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אַנְדֶערֶע זַיינֶען גֶעוֶוען הַאנְד וֶוערְקֶער.

דֶער. תַּנָא הִילֵל דֶער נָשִׂיא אִיז גְאר פְרִיֶער אַ הָאלְץ הֶעקֶער גֶעוֶוען, ר' יוֹחָנָן הַסַנְדְלָר, ר' יִצְחָק נַפְּחָא, ר' יוֹסִי בֶּן חֲלַפְתָּא אִיז גִיוֶוען אַ פֶּעל אַרְבֵּייטֶער [1]. אַבָּא חִלְקִיָה וֶועלְכֶער דִי חֲכָמִים זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, עֶר זָאלל בֶּעטִין אוֹיף רֶעגִין, אִיז עֶר גָאר אַ טָאג־לוֹינֶער גֶעוֶוען [2]. אַבָּא בַּר זְמִינָא אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁנַיידֶער [3]. ר' אָבִין אַ סְטָאלֶער [4]. אַבָּא אוּמְנָא אַ פֶּעלְדְשֶׁער [5]. רַב אַדָא אַ עֶרְד־מֶעסְטֶער [6].

אוּנְטֶער דִי חֲכָמִים זַיינֶען גֶעוֶוען וֶועלְט גְבִירִים. ר' אֱלִיעֶזֶר בֶּן חַרְסוֹם, ר' אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה. ר' עֲקִיבָא. — בַּיי ר' דוֹסָא בֶּן הָרְכִּינַס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גָאלְדֶענֶע מֶעבִּיל [7]. — רַב הוּנָא אִיז גֶעפָארִין אִין אַ גָאלְדֶענֶע קַארֶעטֶע [8]. — שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוֶוען אַ דָאקְטָאר, אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶער אַסְטְרָאנָאמִיקֶער, אוּנ הָאט אַ גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה גֶעפִירְט.

דִי עֶרְשְׁטֶע אִיבֶּערגֶעבֶּער פוּן דַת, אִיז גֶעוֶוען פוּן זַיי מְלָכִים אוּנ נְבִיאִים, דָוִד, שְׁלמֹה, אוּנ נָאךְ! — אַנְדֶערֶע זַיינֶען גֶעוֶוען נְבִיאִים אוּנ מִינִיסְטָארִין. — דָנִיאֵל אִיז גֶעוֶוען אַ מִינִיסְטֶער בַּיי נְבוּכַדְנֶצַר. — בַּיים פֶּערְסִישִׁין קֵיסַר אִיז גֶעוֶוען נְחֶמְיָה אַ הוֹיפְּס־מִינִיסְטֶער, — מָרְדְכַי אִיז גֶעוֶוען בַּיי אַ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אַ פֶּעלְד־מַארְשַׁאל. אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן וֶועלְכֶער דִי וֶועלְט הָאט פַאר אִיהם גֶעצִיטֶערְט, אִיז עֶר גֶעפַאלֶען פַאר שִׁמְעוֹן הַצַדִיק [9]. — ר' יְהוֹשֻׁעַ בֶּן חֲנַנְיָא אִיז גֶעוֶוען אַ גָאדִיל־כַּיאָכֶער [10] אוּנ דֶער קֵיסַר הָאט אִיהם גֶערוּפֶען דֶער קְלִינְגְסְטֶער פוּן אִידִין. — רַבִּי מִיט אַנְטוֹנִינוּס דֶער קֵיסַר פוּן רוֹם הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט ווִי בְּרִידֶער. — ר' אַבָּהוּ פְּלֶעגְט אַרַיין גֵיין צוּם קֵיסַר אַלְס הוֹיז־מֶענְשׁ, אוּנ מֶען אִיז אִיהם פוּן קֵיסַר אַנְטְקֶעגִין גֶעגַאנְגֶען.

דַארוּם אִיז דֶער טִיטוּל פוּן אוּנְזֶערֶע תַּנָאִים וַאֲמוֹרָאִים, נִיט מִיט דֶעם נָאמֶען צַדִיקִים, חֲסִידִים, קְדוֹשִׁים. נוּר חֲכָמִים, ווייל זֵייעֶר חֲסִידוֹת אוּנ קְדוּשָּׁה אִיז גֶעבּוֹיעֶט אוֹיף חָכְמָה.

אִין דִי שְׁפֶּעטֶערֶע צֵייט, אִיז גֶעוֶוען ר' שְׁמוּאֵל הַנָגִיד אַ מִשְׁנֶה לְמֶלֶךְ אִין שְׁפַּאנְיֶען. — דֶער רמב"ם אַ קֵייזֶערְלִיכֶער דָאקְטָאר אִין מִצְרַיִם — דֶער אַבַּרְבַּנְאֶל אִיז גֶעוֶוען אַ מִינִיסְטֶער פִינַאנְס אִין שְׁפַּאנְיֶען, נַאכְהֶער אִין אִיטַלְיָא, אוּנ זַיי הָאבֶּען גֶעהִיט פֶּעסְט דֶעם דַת, ווִי מֶען זֶעהט פוּן זֵייעֶרֶע סְפָרִים. אִיבֶּערהוֹיבְּט זֶעהט מֶען אַרוֹיס פוּן רמב"ם אַז עֶר פַארְפֶעלְט נִיט אִין זַיין סֵפֶר קֵיין שׁוּם אִידֶעשִׁין מִנְהָג.

## ה.

אַז דוּ. ווִילְסְט ווִיסִין דִי גְרוֹיסְקֵייט פוּן דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד, בֶּעטְרַאכְט נוּר

---

[1] שבת מט [2] תענית יט [3] ירושלמי שביעית [4] שבת כג [5] תענית שם [6] ב"מ קז [7] יבמות טו [8] תענית כ [9] זעה אין פרשת תצוה [10] ברכות כז.

וְוי פִיל יָאהר אַרְבֵּייט אַ דָאקְטָאר אַ יוּרִיסְט אוֹיף זַיין זַאךְ! אִיז דָאךְ נִיט אִימ־שְׁטַאנְד אַ מֶענְשׁ אַלֶעס צוּ וִויסֶען, אָבֶער דִי חֲכָמִים הָאבֶּען אַלֶעס גֶעווּאוּסְט צוּם גְרוּנְד, ווִי דֶער גְרֶעסְטֶער סְפֶּעצִיאַלִיסְט אִין זַיין זַאךְ. וְוִי עֶס אִיז פוּלל אִין ש"ס [1]) זֵייעֶער חָכְמָה, אוֹיסֶער אִין דֶער תּוֹרָה.

זֵיי הָאבִּין גֶעוואוּסְט דִי נַאטוּר פוּן אַלֶע שְׁפְּרָאצוּנְג אוּנ בּוֹימֶער [2]), פוּן קְלֶענְסְטִין וָוערֶעמִיל בִּיז דֶעם מֶענְשֶׁען, זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען פִיזִיקֶער, מֶעטַאפִיזִיקֶער, דָאקְטוֹרִים, נַאטוּר פָארְשֶׁער, אוּנ זָא וַוייטֶער, זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ פִיל שְׁפְּרַאךְ גֶעווּאוּסְט [3]). דִי גְמָרָא דֶערְצֵיילְט. דָאס ר' אֱלִיעֶזֶר בֶּן חִסְמָא, אוּנ ר' יוֹחָנָן בֶּן גוּדְגְדָא הָאבֶּען גֶעווּאוּסְט אוֹיס צוּ מֶעסְטִין וִויפִיל טְרָאפִּינְס עֶס אִיז דָא אִין יַם [4]) אוּנ זֵיי זַיינֶען נָאךְ גֶעוֶוען תַּלְמִידִים פוּן ר' גַמְלִיאֵל.

בַּארֶעכְנִין נוּר דִי חָכְמַת הָרְפוּאָה וֶועלְכֶע אִין פֶּרֶק אֵלוּ טְרֵפוֹת. חָכְמַת הַנִיתּוּחַ אִין עֶרְשְׁטֶען פֶּרֶק פוּן אָהֳלוֹת. טֶבַע הַבְּרוּאִים אִין חוּלִין אוּנ אִין בְּכוֹרוֹת. חָכְמַת הַתְּכוּנָה אִין קִדּוּשׁ הַחוֹדֶשׁ.

דֶער וָואס לֶערִינְט מַסֶכְתְּ שַׁבָּת זֶעהט וִוי וַוייט עֶס הָאט דֶערְלַאנְגְט זֵייעֶרֶע וִויסֶענְשַׁאפְט כִּימִישֶׁע. אִין בַּאקִין אוּנ קָאכִין, פוּן וָואס עֶס קוּמְט־צוּ הִיץ, וָואס עֶס הַאלְט אַיין דִי הִיץ. אוֹיךְ זֵייעֶרֶע וִויסֶענְשַׁאפְט אִין וֶועבִּין, פַאנְגֶען, פֶּעל אַרְבֵּייט, — אִין מַסֶכְתְּ עֵירוּבִין אוּנ סוּכָּה זֶעהט מֶען זֵייעֶר גְרוֹיסְקַייט אִין גֶעאָמֶעטְרִיָא אוּנ מֶעכַנִיק. — אִין מַסֶכְתְּ כֵּלִים זֶעהט מֶען וִוי גְרוֹיס זֵייעֶר וִויסֶענ־שַׁאפְט הָאט דֶער לַאנְגְט אִין פַאבְּרִיקַאצְיָאן אַלֶער הַאנְד כֵּלִים אוּנ אִינְסְטְרוּמֶענ־טִין, יֶעדֶע זַאךְ וִוי זִי אִיז גֶעמַאכְט מִיט אִיהר רִיכְטִיגֶען נוּטְץ צוּ אִיהר גֶעבְּרוּיךְ. פוּן סֵדֶר נְזִיקִין זֶעהט מֶען, וִוי רַייךְ דִי יְדִיעָה פוּן מִסְחָר אִיז בַּיי זַיי גֶעוֶוען. נָאךְ מֶעהר וִוי בַּיי דִי קָאמֶערְצִיאַנְטֶען [5]).

אִין דִי זַאכֶען וָואס דִי חֲכָמִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט אִין דֶער נַאטוּר, הָאבֶּען נָאךְ דִי נַאטוּר פָארְשֶׁער זֵיי נִיט אָבּ גֶעוֶוענְדֶעט. — דִי חֲכָמִים זָאגֶען [6]) אַ הוּן טְרָאגְט אִין זִיךְ אוֹיס דִי אֵייעֶר אִין אַיין אוּנ צְוַאנְצִיג טֶעג, גֶעגֶען דֶעם, טְרָאגְט דִי זֶועלְבֶּע דֶער בּוֹים לוּז. — דֶער כֶּלֶב צוּ פוּפְצִיג טֶעג. גֶעגֶען דֶעם, דֶער פַייגִינְבּוֹים. — דִי קַאץ טְרָאגְט צְוֵויי אוּנ פוּפְצִיג טֶעג. גֶעגֶען דֶעם, דֶער בּוֹים תּוּת. — דֶער חֲזִיר טְרָאגְט זֶעכְצִיג טֶעג, דִי זֶעלְבֶּע צֵייט דֶער עֶפֶּעלְבּוֹים. — דֶער פוּקְס אוּנ אַלֶע שְׁרָצִים טְרָאגֶען זֶעקְס חֳדָשִׁים, דִי זֶעלְבֶּע צֵייט טְרָאגְט אוֹים דִי עֶרְד אִין זִיךְ דִי תְּבוּאָה. — אַ בְּהֵמָה דַקָה טְהוֹרָה פִינְף חֳדָשִׁים, גֶעגֶען דֶעם, דֶער וַויינְשְׁטָאק. — אַ בְּהֵמָה גַסָה טְהוֹרָה טְרָאגְט נַיין חֳדָשִׁים. גֶעגֶען דֶעם, דֶער אֵיילְבֶּערְט. — אַ בְּהֵמָה גַסָה טְמֵאָה צְוֶועלְף חֳדָשִׁים, גֶעגֶען דֶעם, דֶער טֵייטְל־בּוֹים. — דֶער לֵייבּ, דֶער וָואלְף, דֶער בֶּעהר, אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע, צוּ דְרַיי יָאהר, גֶעגֶען דֶעם, דֶער בְּנוֹת שׁוּחַ. — דִי אֶפְּעֶה — דָאס אִיז אַיין מִין בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְג.

---

[1]) מיר צייכענען אן אייניגע ערטער. ברכות סא, שבת לא, ק, יבמות לד, ב"ק ג, ב"מ קו, ב"ב טז, סנהדרין סז, נדה יז כ לא. [2]) אויף דעם איז געבויעט גאנץ סדר זרעים. [3]) סנהדרין יז. [4]) הוריות י [5]) ב"ב דף פט ועל כלן אומר ריב"ז אוי לי אם אומר ואוי לי אם לא אומר. [6]) בכורות ז.

וֶוערְט שְׁוַואנְגֶער צוּ זִיבֶּעצִיג יָאהר פוּן אִיהר גֶעבָּארֶען. גֶעגֶען דֶעם דִי וֶועלְבֶּע צַייט דוּיֶערְט דֶער חָרוּב [בָּאגְשָׁארְבוּים], פוּן פַארְפְלַאנְצֶען דֶעם בּוּים בִּיז פַארְטִיג וֶוערִין דִי פֵּרִי. — זֶעהט מֶען ווִי עֶס אִיז אַלֶעס רִיכְטִיג — מִיט אֵיינֶע וָוארְטִין עֶס אִיז אוּנְנַאטִירְלִיךְ זֵייעֶר חָכְמָה.

## ו.

פִּיל זַאכֶען וֶועלְבֶּע דִי חֲכָמִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט אוּנ מֶען הָאט זֵיי נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבִּין, בִּיז מֶען אִיז דֶער גַאנְצֶען דֶעם אֱמֶת. — דִי חֲכָמִים זָאגֶען אַז עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין מֶענְשׁ צְוֵויי הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנ פִירְצִיג גְלִידֶער. הָאט מֶען גֶעוָואלְט אָבּ לַייקֶענֶען, לְסוֹף אִיז מֶען ב״ה עֶרְפָאהרִין דִיא זַאךְ רִיכְטִיג 1).

עֶס אִיז דָא אַמִשְׁנָה אִין מַסֶכֶת חוּלִין, אַ שֶׁרֶץ וָואס עֶר אִיז אַ הַאלְבֶּער פְלֵייש, אוּנ אַ הַאלְבֶּער עֶרְד, אַז מֶען רִירְט זִיךְ אָן אַן דִי פְלֵייש, אִיז מֶען טָמֵא, אוֹיבּ מֶען רִירְט זִיךְ אָן אַן דִי עֶרְד, אִיז מֶען טָהוֹר. פוּן דִי מִשְׁנָה הָאט מֶען שְׁפַּאס גֶעמַאכְט, מֶען הָאט גֶעזָאגְט לֹא הָיָה וְלֹא נִבְרָא, לְסוֹף אִיז בֶּעוואוּסְט דָאס דִי בְּרִיָה גֶעפִינְט זִיךְ אִין מִצְרַיִם. זִיא רוּפְט זִיךְ אִין עֶגִיפְּטִישׁ, דִיפּוּס יַאקוּלוּס. אוֹיף דַייטְשׁ הֵייסְט זִיא שְׁפְּרִינְגְמוֹיז. דִי קָאפְּף, דִי בְּרוּסְט, אוּנ דִי הֶענְד אִיז זִיא פְלֵייש, פוּן הִינְטִין אִיז זִיא עֶרְד. אִין אֵיינִיגֶע טֶעג וֶוערְט זִיא אִין גַאנְצֶען פְלֵייש 2).

אִין אוּנְזֶער לֶעצְטֶער צַייט הָאבֶּען מִיר עֶרְפַארֶען דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן דִי חֲכָמִים. עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַזֶעלְבֶע, וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַרוֹיס גֶעבֶּען בֶּעסֶערֶע מִיטֶעלֶען ווִי שְׁחִיטָה. ב״ה הָאבֶּען אַלֶע מְסַכִּים גֶעוֶוען דוּרְךְ דֶעם גָאטְלִיכֶען שְׁלִיחַ דָאקְטָאר דֶעמְבָּא, דָאס דֶער בֶּעסְטֶער מִיטֶעל אִיז דִי שְׁחִיטָה מִיט אִיהרֶע אַלֶע דִינִים. דֶער הוֹיפְּט נִצָחוֹן זַיינֶער אִיז גֶעוֶוען מִיט דֶער גְמָרָא 3) אַז עֶס גֵייט נִיט אַרוֹיס דִי בְּלוּט ווִי נֵייטִיג דוּרְךְ דִי סִימָנִים, נֶעמְט אַיין דִי פְלֵייש דִי בְּלוּט, וֶועגְט דִי פְלֵייש שְׁוֶוערֶער, אִיז אוֹיסֶער דֶעם אִיסוּר, בֶּעגַזְלֶען נָאךְ דִי קֵייפֶער דִי וֶועלְט.

## ז.

דַארוּם אַז מִיר גִיבֶּען אַרוֹיס אוּנְזֶער סֵפֶר „חֶמְדַת יִשְׂרָאֵל" גֶעפִינֶען מִיר נֵייטִיג צוּ עֶרְקְלֶערִין ווִי אַזוֹי עֶס הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגִיגֶעבִּין דֶער דַת, אוּנ אִין קוּר־צֶען דֶעם פַארְלוֹיף ווִי עֶס הָאט פַּאסִירְט מִיט דֶעם אִיד, מִיט דֶער תּוֹרָה, אוּנ מִיט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, בִּיז דִי לֶעצְטֶע צַייט.

דִי הִיסְטָארְיֶע שְׁרַייט מִיט קוֹלֵי קוֹלוֹת, קֶערְט זִיךְ צוּרִיק פוּן אַייעֶר ווִילְד־

---

1) ד״ר קאצינעלענסאן בספרו. 2) תפארת ישרא:ל בשם חכם מאוה״ע ליניק 3) חולין קיג עיי״ש.

קייט, קוקט מיט אָפֶענֶע אוינן, וועט איהר זעהען ריכטיג די אֱמוּנָה מיט די הַשְׁגָחָה, אונ די היילינקייט פון דַת.

פון דער היסטאריע זעהט מען ריכטיג, ווען זיינען אידין געווען גליקליך, נור אַז זיי האָבען געהיט די תּוֹרָה. זיי זיינען ניט געשטראפט געוואָרען, וואו זיי זיינען גיט פריער פריי געוואָרען אין דַת, האָבען זיי זיך צוריק גערופען, זיינען זיי גיענטפערט געוואָרען.

די היסטאריע ווייזט, ווי דער בּוֹרֵא פירט מיט דעם אידין לְמַעְלָה מִן הַטֶבַע, מיט ניסי ניסים, האט מען ארוים גערעאטירט די תּוֹרָה, אונ דעם איד. וואלט דאס ווער גלויבען, אַז די שוואכע שאפעלע איז נאך ביז היינטיגען טאג אין גאנצען געבליבען. אונ אלעטען איבער גילעבט, וואו איז מִצְרַיִם? וואו איז אַשּׁוּר, בָּבֶל יָוָן רוֹם? פאר וואס? ווייל דער איד בעשטעהט אין גייסטליכען קראפט, אונ זיי בעשטעהען אין קערפערליכען קראפט, בארום ענדיגין זיי זיך, אזוי ווי דער קערפער ענדיגט זיך, אונ מיר בלייבען נִצְחִי, אַלָּא אזוי ווי די תּוֹרָה אונ דעם איד האָבען מיר, וועלין מיר נאך האָבען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אויך. ווי עס איז אונז בעגלויבט דער צוזאג פון די נְבִיאִים.

די היסטאריע ווייזט ארוים, ווי עס איז מְקוּיָם געוואָרען די נְבוּאָה פון די נְבִיאִים, פונקט אוֹת בְּאוֹת, אֲפִילוּ אויף פרעמדע נאציאנען. — יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא האט נְבִיאוֹת געזאגט אויף כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פָּרַס, נאך מיט אצייט פריהער ווען די פירמע כּוֹרֶשׁ האט נאך גאר ניט עגזיסטירט, איז ריכטיג מְקוּיָם גיוואָרין. — נחום האט נְבִיאוֹת געזאגט אויף דער שטאט נִינְוֵה. האט ניט גיפעלט קיין האר. — יְשַׁעְיָה, יִרְמְיָה, יְחֶזְקֵאל, האבען נְבִיאוֹת געזאגט אויף מִצְרַיִם, אויף צוֹר. איז עס מְקוּיָם געוואָרין ריכטיג, ווי עס איז בעוואוסט אין דער וועלט געשיכטע. אֲפִילוּ וואס דָנִיאֵל האט געזאגט אַז נְבוּכַדְנֶצַר וועט ווערין א חַיָה אין וואלד, נאטירליך האט מען דאס גיט געוואלט גלויבען. — די לעצטע צייט האט מען געפונען אין נְבוּכַדְנֶצַר'ס פאלאץ אויף די ווענד אוים גישריבין די געשיכטע¹). אזוי איז מְקוּיָם געוואָרען אלעם וואס די נְבִיאִים האבען געזאגט. אויף פרעמדע נאציאנען, אונ אויף אידין איז דאך ידוע אין גאנץ תנ"ך, ווי עס איז יעדער זאך מְקוּיָם געוואָרין, איז געווים בעגלויבט אויף די קינפטיגע צייט זייער נְבוּאָה, אויף בִּיאַת הַמָּשִׁיחַ, אונ בִּנְיַן בֵּית הַמִקְדָשׁ, אונ תְּחִיַת הַמֵּתִים, א גְאוּלָה נִצְחִית בבי"א.

## ח.

נאך אלע רייד, ווען אויך מען זאל חָלִילָה א שטיינערנע הארץ האבען, דארף יעדען רירין, מען זאל וועלין וויסין דעם דַת, אונ היטין די מִצְוֹת, צו

1) דברי ימי עולם.

וויסן וועלכעס מען מאג, וועלכעס עס פּאסט. און וועלכע מען טאר ניט, און עס פּאסט ניט.

אלזא גיבין מיר ארויס, א ספר „חמדת ישראל״ אללע תרי״ג מצות מיט די דינים, וועלכע גיהער צו יעדער מצוה, אויך ביי פיל מצות שיינע ערקלערונג און געשיכטעס פון היילינען תלמוד און מדרשים, וועלכע א איד קאן דער פון שעפּן מדות טובות.

מיר האבען געמאכט דעם ספר אין זארגאן, בכדי אז אללע פון גרויס ביז קליין, זאלען וויסן די מצות, ווי די גמרא זאגט, אין חזקיהו המלך׳ס צייט איז ניט גיוועזן קיין פרוי און קינדער, וואס זאלין ניט וויסן די תורה, ווייל א אשה איז נור פטור פון לערנען תורה מיט פּלפּול, אבער וויסין די מצות זיינען זיי מחויב גלייך מיט מאנספּלייט, דען עס איז דא גאנץ ווייניג מצות וועלכע נשים זיינען פטור, דען אין אללע דריי הונדערט פינף און זעכציג לא תעשה׳ס זיינען זיי מחויב גלייך מיט מאנספּלייט, און פון די צוויי הונדערט אכט און פערציג מצות עשה׳ס, איז דא גאנץ ווייניג וועלכע זיי זיינען פטור [1].

אין אללע צייטען האבען אונזערע גאונים, דער רמב״ם, דער חובת הלבבות און נאך אנדערע, געמאכט זייערע ספרים אין דער שפּראך וואס מען האט דאן גירעדט, ווי עס שרייבט הגאון החכם ר׳ אלכסנדר משה לפּידות אין זיין הסכמה.

## ט.

מיר האבען דעם ספר איין געטיילט אין סדרות, ווען מען זאל אפילו נור דורך לעזען יעדען שבת פון דער סדרה, איז אויסער וואס מען וועט וויסין די מצות און פערשטעהען ווי זיי מקיים צו זיין, וועט מען נאך בעקוממען ידיעות אין דעם חלק התורה, וועלכע עס איז ביי אונז היינט ניט נוהג [2], נור מיר האפען דאס די צייט איז שוין געהנטער צו דעם עס זאל נוהג זיין, אויך קאן מען בעקוממען ידיעות אין אזעלכע זאכען, וואס א מענש דארף אויף דעם פיל מיהע ליינען דאס נאך צו זוכען.

אין די סדרות וועלכע עס איז ניט דא קיין מצות, זאלל מען לעזען די היסטאריע וועלכע דאס איז גאר א בעזונדער ספר, ער איז געמאכט ווי מען זאגט קורץ און גוט, (כשמו כן הוא) „עדות לישראל״, דאס זאגט עדות צו אידין, פון דעם ווייס מען ריכטיג ווי עס האט זיך איבערגיגעבין דער דת, און ווי עס האט פּאסירט מיט אידין, וועט מען פארשטעהען וואס הייסט א איד, און וואס איז זיינע פפליכטין.

---

1) אין ציצית, תפלין און נאך איינינע ביז פערציג מצות וכו׳ עס איז ידוע צו לומדים. 2) קרבנות וכדומה.

מיר האָפֶען דֶער סֵפֶר זָאל מַאכֶען פָארְשְׁרִיטֶע אִין דֶער וֶועלְט, דָאס דִי בִּיסִיל לִיבְּטִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע מִיר גִיבִּין דָא פָאר זָאלל אָב דֶעקִין דִי פִינְצְטֶערְנִישׁ פוּן וָואלְקֶען, וָואס הָאט בֶּעצוֹיגֶען דִי אֶמוּנָה, אַזוֹי וִוי מֶען שְׁטֶעלְט אַרַיין אַקְלַיין לִיכְטִיל אִין אַיין פִינְצְטֶערֶע הויז, שְׁלָאגְט אָפּ דִי פִינְצְטֶערְנִים, אוּנ עֶס וֶוערְט לִיכְטִיגֶער.

נַאטִירְלִיךְ אַיינְפַאכֶע מֶענְשֶׁען וֶועלֶען הָאבֶּען אַ פֶערְשְׁטַאנְד אִין דֶער תּוֹרָה, אוּנ וִויסִין וֶועלְכֶע אִיסוּרִים עֶס אִיז פֶּערְבּוּנְדִין מִיט מִיתַת בֵּית דִין בִּזְמַן הַבַּיִת, אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען וֶוערְט בֶּעשְׁטְרָאפְט מִיט כָּרֵת. אוֹיף וֶועלְכֶע בִּזְמַן הַבַּיִת הָאט מֶען גֶעשְׁלָאגֶען מַלְקוֹת. אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען אִיז עוֹבֵר אַ לַאו, אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען אִיז עוֹבֵר אַ עֲשֵׂה, אוּנ וֶועט אוֹיךְ וִויסִין אַ דִין אָדֶער אַ מִנְהָג.

## י.

אַזוֹי וִוי עֶס אִיז דָא תרי"ג מִצְוֹת, דָאס הֵייסְט צְוֵויי הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנ פֶערְצִיג מִצְוֹת עֲשֵׂה, אוּנ דְרַיי הוּנְדֶערְט פִינְף אוּנ זֶעכְצִיג לֹא תַעֲשֶׂה, דִיא וֶועלְכֶע אִיז דָא אִין מֶענְשֶׁען צְוֵויי הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנ פֶערְצִיג גְלִידֶער, אוּנ דְרַיי הוּנְדֶערְט פִינְף אוּנ זֶעכְצִיג הוֹיפְּט אָדֶערִין. דֶער נֶפֶשׁ אִיז אוֹיךְ גֶעבּוֹיעֶט פוּן גֵייסְטְלִיכֶע צְוֵויי הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנ פֶערְצִיג גְלִידֶער, אוּנ דְרַיי הוּנְדֶערְט פִינְף אוּנ זֶעכְצִיג אָדֶערִין, וֶוען אַ אִיד זָאל הָאבֶּען אַ יְדִיעָה אִין דִי תרי"ג מִצְוֹת. וֶועט אוֹיף אִיהם אַרוֹיף צִיהֶען אַ הֵיילִיגְקֵייט, אוּנ מִיטְבְּרֵיינְגֶען מַדְרִיךְ צוּ זַיין דִי קִינְדֶער צוּ דֶער תּוֹרָה, גֶעבֶּען זֵיי לֶערְנֶען גְמָרָא אוּנ פּוֹסְקִים, וֶועלְכֶע דָאס אִיז דֶער רֶעכְטֶער לִימּוּד הַתּוֹרָה, דֶען דִי תרי"ג מִצְוֹת זַיינֶען נוּר גְרוּנְד וָוארְצְלֶען, אָבֶּער זֵיי זַיינֶען וִוי אַיין טְרָאפְּפִין אִין יַם, גֶעגִין דִי פֶערְבְּרֵייטֶערוּנְג אִין ש"ם אוּנ אִין פּוֹסְקִים אוֹיף דִי תרי"ג מִצְוֹת.

הַשי"ת זָאל אוּנְז עֶרְלַייכְטִין דִי אוֹיגִין, אוּנ עֶפֶענֶען דִי פַארְשְׁטָאפְּטֶע הֶערְצֶער, צוּ דֶערְקֶאנֶען דֶעם אֱמֶת, אַיין צוּ פְלִיסֶען אִין אוּנְז אוּנ אִין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, דֶעם רִיכְטִיגֶען בּוּנְד צוּם בּוֹרֵא, אוּנ צוּ דֶער תּוֹרָה, אוּנ אִידִין צְווִישִׁין זִיךְ, גָאט ב"ה זָאלל קָאנֶען זָאגֶען „יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר בְּךָ אֶתְפָּאָר". בִּיז עֶס וֶועט מְקוּיָם וֶוערִין דֶער פָּסוּק וּמָלְאָה הָאָרֶץ דֵעָה וְיָבֹא מְשִׁיחַ צִדְקֵנוּ לְאַרְצֵנוּ. בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

**המחבר.**



בעה"י יום ב' ט' למב"י

ידידי אהובי הרה"ג עמום בתומ"ט מ' **אליהו דוב** נ"י שליט"א.

מכתב כת"ר שי' קבלתי, ואשר עמי בעצה ישאל בדבר ספרו הדרוש לרבים ואופן סידורו, לע"ד אין לסור מדרך רבינו הרא"ה בספר החינוך כו' וברח כ"א מן האריכות בדרוש אבל אריכות של מרגליות היפות של דברי הראשונים המתוקים מדבש ומושכים לבן של ישראל לאביהם שבשמים, כ"מ שיאריך יותר ה"ז משובח, כי כל חיך הטועם יאמר לי לי, ובע"ה מובטחני שימצא על ספרו קופצים הרבה, ויהיה לו לתפארת, ותועלת גדול לצאן קדשים, והנני בעז"ה לעזור לו בל"נ בכל אשר ידי תשיג בהוספה והערה כחפץ לבבו [1].

והנני חותם בברכה שלמה, יעזרהו ה' וזכות הרבים יהיה תלוי בו, ישיג ישע והצלחה, אוה"נ דוש"ת באה"ר

**אברהם יצחק הכהן קוק.**

---

בע"ה

ראיתי פעלו ומעשהו של הרב וכו' מו"ה אלי' דוב בהרב הגאון ר' ישראל דוד מווילקאמיר אשר העתיק בהרחב ביאור תרי"ג מצות בשפה המהלכת בינינו ודבר טוב עשה למען ידעו מקטנים ועד גדולים כדת מה לעשות המוזהר והמצוה; ועלינו לשבח פעלו של הרב הנ"ל יוכל היות כי תגדלנה פארותיו אם יכו שרש בארץ ציה לשתול ידיעות עיקרי הדת בלבות הנעדרים מדעת. ובאשר ראיתי הגדולים מגדילים פעלו ומסכימים על מעשהו, גם אנכי יצאתי בעקבותם.

בעה"ח יום ה לסדר והאזנת למצותיו ושמרת כל חוקיו לפק לוקאוואה. (במדינת פולין)

**ירחמיאל ישעי' מינצבערג** חופק"ק הנ"ל.

# רגשי תודה.

הנני קובע ברכה לכבוד ידידי הרב המופלג רודף צדקה וחסד מרביץ תורה לרבים ראשון לחובבי ציון מ'

## ברוך מאיר נ"י ממעזריטש

הוא אחד המיוחד אשר לקח חלק בעמלי, והרבה ידיעות שאבתי ממנו והיה לי בעוזרי בכל יכולתו.

אילן אילן במה אברכך כו' ישלם ה' פעלך וגו', תבלה ימיך אתה ורעיתך, אשת חיל עטרת בעלה, יזכו לראות בנים ובני בנים עוסקים בתורה, ויראת ה' טהורה, כנפש אוה"נ מוקירו ומברכו בעושר ואושר.

**ידידו.**

---

1) מכתב זה נכתב בעוד היותו רב בעיר זיימיל, וכאשר נתקבל לעיר הגדולה בויסק לא יכולתי להעמים עליו עד היום.

# תולדות אדם

זֶה סֵפֶר תּוֹלְדֹת אָדָם וגו׳ וַיְחִי לֶמֶךְ שְׁתַּיִם וּשְׁמֹנִים שָׁנָה וּמְאַת שָׁנָה וַיּוֹלֶד בֵּן: וַיִּקְרָא אֶת שְׁמוֹ נֹחַ.
(בראשית ה)

אֵלֶּה תּוֹלְדֹת שֵׁם שֵׁם בֶּן מְאַת שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת אַרְפַּכְשָׁד שְׁנָתַיִם אַחַר הַמַּבּוּל וגו׳ וַיְחִי תֶרַח שִׁבְעִים שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת אַבְרָם אֶת נָחוֹר וְאֶת הָרָן.
(שם יא)

## א.

דֶער צִיעל פוּן דֶער תּוֹרָה, אִיז דָאךְ צוּ וִויסִין דִי תרי״ג מִצְוֹת, וָוארוּם הָאט נָאךְ דִי תּוֹרָה גֶעבַּארְפְט אוּים שְׁרַייבִּין, דִי תּוֹלָדָה, אוּנ דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶער וֶועלְט? נָאכְמֶעהר עֶס זָאל פֶעהלִין אֵיין אוֹת פוּן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע, אִיז דִי תּוֹרָה פָּסוּל, וִוי עֶס פֶעהלְט אַ אוֹת אִין דִי עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת.

דִי תּוֹרָה הָאט אוֹיךְ דֶער בּוֹרֵא גֶעקָאנְט גֶעבֶּען גְלַייךְ וֶוען עֶר הָאט דִי וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶען, וָוארוּם הָאט עֶר אִיהר עֶרְשְׁט גֶעגֶעבֶּען מִיט אַ צַייט שְׁפֶּעטֶער?

דֶער תֵּירוּץ אִיז אָבֶּער, וַוייל דִי צְוַוייא פְּרֶעדְמֶעטִין עֶגְזֶעסְטִירֶען אִיבֶּערַאלל אִין דֶער וֶועלְט, דֶער שֵׂכֶל, אוּנ דִי פְּרַאקְטִיק, דִי בֵּיידֶע זַיינֶען אַ נַאטִירְלִיכֶע זַאךְ פוּן בּוֹרֵא. דֶער שֵׂכֶל קָאן אָבֶּער דֶעם מֶענְשֶׁען נַארִין, וִוי דִיא נַאטוּר זָאגְט דָאס דֶער רָצוֹן אִיז גּוֹבֵר דֶעם שֵׂכֶל. עֶס אִיז נָאר דָא אַ הֶכֶּם לְהָרַע. אוּנ אֲפִילוּ דֶער וָואס בֶּענִיצְט דֶעם שֵׂכֶל אִין דֶער גוּטֶער זַייט, עֶר הָאט אָבֶּער נִיט אַזוֹי אַ טִיפִין פֶערְשְׁטַאנְד. עֶר זָאל רִיכְטִיג דֶער גֵיין דֶעם אֱמֶת, דֶעם שֵׂכֶל קָאן מֶען בֵּייגִין אוֹיף אַלֶע אוֹפַנִים. אַזוֹי וִוי יֶעדֶער מֶענְשׁ הָאט אַבֶּעזוּנְדֶער גֶעזִיכְט, אַזוֹיא הָאט יֶעדֶער מֶענְשׁ אַ בֶּעזָאנְדֶערִין שֵׂכֶל, אָבֶּער דִי פְּרַאקְטִיק אִיז נוּר אֵיינְס, זִיא אִיז פְרַייא פַאר אַלֶעם, אִיהר זֶעהֶען, אִיהר הֶערִין, אִיהר פֶערְשְׁטֶעהֶען אַלֶע גְלַייךְ, דַארוּם, וֶוען אוֹיךְ עֶס אִיז מִיט דֶעם שֵׂכֶל צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, וִוי דִי תּוֹרָה מַאכְט גְלִיקְלִיךְ דֶעם מֶענְשֶׁען, זִיא בִּילְדֶעט אִיהם אוֹיס אִין אַלֶע הִינְזִיכְטִין, דָאךְ וַוייזְט אָבֶּער דִי פְּרַאקְטִיק אַרוֹיס רִיכְטִיגֶער וִוי דֶער שֵׂכֶל.

## ב.

דַארוּם בִּכְדֵי דִי תּוֹרָה זָאלל פַארְהֵייליגְט זַיין בַּיי יֶעדֶער אִידִין, עֶר זָאל פַארְשְׁטֶעהֶען רִיכְטִיג דֶעם אֱמֶת. עֶס זָאלל אִיוּם חָלִילָה קֵיינֶער פוּן אֱמֶת נִיט אַרָאפּ פִיהרִין. הָאט דֶער בּוֹרֵא גֶעגֶעבִּין דִי תּוֹרָה מִיט אַ צַייט שְׁפֶּעטֶער, נָאךְ דֶער וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶען. מֶען זָאלל פַארשְׁטֶעהֶען פוּן דֶעם פַארְלוֹיף פוּן דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן בְּרִיאַת הָעוֹלָם, אַז אָהן דִי גֶעטְלִיכֶע פְּפְלִיכְטִין הָאט דִי וֶועלְט נִיט עֶגְזֶעסְטִירְט, וִוי מֶען זֶעהט פוּן דוֹר הַמַבּוּל, פוּן דוֹר הַפְּלָגָה, פוּן סְדוֹם 1) אוּנ פוּן יְצִיאַת מִצְרַיִם, אוּנ אַז דֶער בּוֹרֵא הָאט אוּים גֶעהִיט, אוּנ אוּים גֶעהַאלְטֶען דִי וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען זִיךְ יַא גֶעהַאלְטִין אָן אִיהם.

אַז עֶס אִיז שָׁאהן בַּיי אִידִין דֶער גַאנְגֶען גֶעוָוארִין דֶער אֱמֶת, דוּרְךְ פְּרַאקְטִיק הָאט עֶרְשְׁט גָאטט גֶעגֶעבִּין דִי תּוֹרָה, אוּנ אוּים גֶעשְׁרִיבֶּען דִי הִיסְטָארְיֶע, פִילַייכְט וֶועט וֶוער פַארְקְרִיכִין מִיט זַיין שֵׂכֶל. אוּנ וֶועלִין עֶטְוָואס לֵייקֶענֶען, זָאל דִי הִיסְטָארְיֶע מִיט אִיהר פְּרַאקְטִיק בְּלַייבֶּען עֶווִיגֶע עֵדוּת אוֹיף דֶעם אֱמֶת פוּן דַת, אַזוֹי זָאגְט אוּנְז עֵדוּת דֶער הַיילִיגֶער תּנ"ךְ, אוּנ גַאנְץ אִידִישֶׁע הִיסְטָארְיֶע.

דַארוּם שְׁרַייבְּט אוּים דִי תּוֹרָה דִי תּוֹלָדָה, צֶעהֶען דוֹרוֹת פוּן אָדָם בִּיז נֹחַ, צֶעהֶען דוֹרוֹת פוּן נֹחַ בִּיז אַבְרָהָם, פוּן דִי עֶלְטֶערֶע זִיהן פוּן יֶעדֶער פָאטֶער וִויפִיל זֵיי הָאבֶּען גִילֶעבְּט, אוּנ וִוי אַלְט זֵיי זַיינֶען גֶעוֶועזֶען, בֶּעת עֶר הָאט זַיין זָאהן גֶעבָּארִין, צוּ זֶעהֶען רִיכְטִיג וִויפִיל יָאהר זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גִיזֶעהֶען אֵיינֶע מִיט דִי אַנְדֶערֶע, צוּ בֶּעוַוייזֶען, אַז זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט גֶענוּג צַייט, אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין דֶעם אֱמֶת.

## ג.

אָדָם הָאט זִיךְ גֶעזֶעהֶען מִיט אַלֶעם בִּיז נֹחַ. נֹחַ הָאט זִיךְ גֶעזֶעהֶען מִיט אַלֶעם בִּיז יִצְחָק. שֵׁם הָאט זִיךְ גֶעזֶעהֶען מִיט אַלֶעם בִּיז יַעֲקֹב, אוּנ יַעֲקֹב אוֹיךְ. עַל כָּל פָּנִים אִיז בֶּעוואוּסְט גֶעוֶועזֶען רִיכְטִיג דֶער סִפּוּר פוּן אָדָם וִוי עֶר אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען יְצִיר כַּפָּיו שֶׁל הקב"ה, מִיט זַיין גַאנְצֶע בִּיאָגְרַאפְיֶע, אוּנ אוֹיךְ אַלֶע סִפּוּרִים פוּן מַבּוּל, פוּן דוֹר הַפְּלָגָה, אוּנ פוּן סְדוֹם, וִוי דִי גְמָרָא זָאגְט, זִיבֶּען וִוִיקְלֶען אַרוּם דִי וֶועלְט, אָדָם, מְתוּשֶׁלַח, שֵׁם, יַעֲקֹב, עַמְרָם, אֲחִיָה הַשִּׁילוֹנִי, אוּנ אֵלִיָהוּ, דִי וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ גֶעזֶעהֶען, פוּן דֶער צַייט דִי וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפֶען, בִּיז דִי וֶועלְט וֶועט שְׁטֶעהֶען. — דִי שְׁפֶּעטֶערֶע דוֹרוֹת לֶעבִּין וֶוייניגֶער, דָאךְ אִין דֶעם פַארְלוֹיף פוּן עֶטְלִיכֶע דוֹרוֹת, צִיהט זִיךְ אַריין, דָאס דִי יוּנְגֶע זֶעהֶען זִיךְ מִיט דִי עֶלְטֶערֶע, צוּ וִויסִין דִי פַארְלָאפֶענֶע צַייט, וֶועלְכֶע גֶעשֶׁעהֶען מִיט אַ צַייט פְרִיהֶער, אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין אַ דוֹר נָאךְ אַ דוֹר אוֹיף עֶווִיג.

---

1) ובזה נבין לאיזה תועלת גילה הקב"ה לאברהם את אשר יעשה בסדום, אם להתפלל, הלא לא הועיל מאומה בתפלתו, ועפ"י דרכנו יובן היטב כי לבד רשעתם המחויבים בזה, עוד יוצא תועלת לדור דור, וזהו המכסה אני מאברהם אשר אני עושה וגו'.

אָדָם הָאט צוּ 130 יָאהר גֶעבָּארִין שֵׁת אוּנ גֶעשְׁטָארְבִּין פַאר'ן מַבּוּל 726 יָאהר
אוּנ גֶעזֶעהֶען לֶמֶך'ן דֶעם נײַנְטִין דוֹר 56

שֵׁת גִיבּאָרִין אֱנוֹשׁ צוּ 105 גֶעשְׁטָארְבֶּען פַּאר'ן מַבּוּל 614 גֶעזֶעהֶען לֶמֶךְ 168
אֱנוֹשׁ 〃 קֵינָן 〃 90 〃 〃 〃 〃 516 〃 נֹחַ'ן 84
קֵינָן 〃 מַהֲלַלְאֵל 〃 70 〃 〃 〃 〃 421 〃 〃 179
מַהֲלַלְאֵל 〃 יֶרֶד 〃 65 〃 〃 〃 〃 366 〃 〃 234
יֶרֶד 〃 חֲנוֹךְ 〃 162 〃 〃 〃 〃 234 〃 〃 366
חֲנוֹךְ 〃 מְתוּשֶׁלַח 〃 65 〃 〃 〃 〃 669 גֶעזֶעהֶען לֶמֶך'ן 113
מְתוּשֶׁלַח 〃 לֶמֶךְ 〃 187 גֶעשְׁטָארְבִּין אִין יָאהר פוּן מַבּוּל גֶעזֶעהֶען נֹחַ'ן 600
אוּנ שֵׁם 98
לֶמֶךְ 〃 נֹחַ 〃 182 גֶעשְׁטארְבִּין פַאר'ן מַבּוּל 5 גֶעזֶעהֶען נֹחַ'ן 595
נֹחַ אִיז אַלְט גִיוֶועןּ 600 בַּיים מַבּוּל, גִילֶעבְּט נָאכְהֶער 350 גֶעזֶעהֶען אַבְרָהָם 58
הָאבֶּען מִיר 1656 פוּן בְּרִיאַת הָעוֹלָם אוּנ פַארְלָאפֶען צֶעהְן דוֹרוֹת.

נֹחַ הָאט גֶעבָּארִין שֵׁם, גִילֶעבְּט הָאט שֵׁם 600 יָאהר 98 פַאר'ן מַבּוּל אוּנ
502 יָאהר נָאךְ דֶעם מַבּוּל אוּנ גֶעזֶען יַעֲקֹב'ן 50
שֵׁם הָאט גֶעבָּארִין 2 יָאהר נָאךְ דֶעם מַבּוּל אַרְפַּכְשַׁד

אַרְפַּכְשַׁד הָאט צוּ 35 יָאהר גֶעבָּארִין שֶׁלַח, גִילֶעבְּט 438 גֶעזֶעהֶען יִצְחָק'ן 48
שֶׁלַח 〃 〃 30 〃 〃 עֵבֶר 〃 433 〃 יַעֲקֹב'ן 18
עֵבֶר 〃 〃 34 〃 〃 פֶּלֶג 〃 464 〃 〃 79
פֶּלֶג 〃 〃 30 〃 〃 רְעוּ 〃 239 גֶעזֶעהֶען אַבְרָהָם 48
רְעוּ 〃 〃 32 〃 〃 שְׂרוּג 〃 239 〃 〃 78
שְׂרוּג 〃 〃 30 〃 〃 נָחוֹר 〃 230
נָחוֹר 〃 〃 29 〃 〃 תֶּרַח 〃 148
תֶּרַח 〃 〃 70 〃 〃 אַבְרָהָם 〃 205

הָאבִּין מִיר 1948 יָאהר נָאךְ בְּרִיאַת הָעוֹלָם אוּנ פַארְלָאפִּין צְוַואנְצִיג דוֹרוֹת.

אַבְרָהָם אִיז גִיבָּארִין גִיוָוארִין 292 יָאהר נָאךְ דֶעם מַבּוּל, גִילֶעבְּט הָאט עֶר 175 יָאהר
צוּ 100 יָאהר הָאט עֶר גִיבָּארִין יִצְחָק.

יִצְחָק הָאט צוּ 60 יָאהר גִיבָּארִין יַעֲקֹב, הָאט אַבְרָהָם גֶעזֶעהֶען יַעֲקֹב'ן 15 יָאהר.

וָוען אויך דֶער עִיקָר לֶעהרֶע פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיז דִי פְּרַאקְטִיק, דָאךְ קָאן מֶען דֶעם שֵׂכֶל נִיט מַדְחֶה זַיין, דֶער שֵׂכֶל נוּטְצְט צוּ פַארְשְׁטֶעהֶען דִי פְּרַאקְטִיק, אַזוֹי הָאבִּין זִיךְ גֶעפִירְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת פַאר מַתַּן תּוֹרָה.



אמר ר' יצחק משל לאחד שהיה עובר ממקום למקום, וראה בירה אחת דולקת אמר תאמר שהבירה הזו בלא מנהיג, הציץ עליו בעל הבירה, אמר לו אני הוא בעל הבירה, כך לפי שהיה אבינו אברהם אומר תאמר שהעולם הזה בלא מנהיג, הציץ עליו הקב"ה ואמר לו אני הוא בעל העולם.
(מד"ר לך פ' לט)

## א.

עֶס הָאט אַוֶועלְט רַייזֶענְדֶער, אִין אַ פִינְצְטֶערֶע נַאכְט גֶעבְּלַאנְדְזֶעט, עֶר הָאט דִי וֶועג נִיט גֶעטְרָאפִין, פְּלוּצִים הָאט עֶר דֶער זֶעהֶען אַיין שַׁיין פוּן פַייֶער, אִיז עֶר נָאךְ דֶער שַׁיין נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אַ הוֹיז, וִוי עֶר הָאט נוּר דִי טִיר גֶיעֶפִינְט, אִיז אִיהם שְׁאהן גֶעוָוארִין לִיכְטִיג אִין דִי אוֹיגֶען, עֶר זֶעהט פַאר זִיךְ זֶעהֶער אַיין אוֹיסְנַאהמֶע פַיינֶע הוֹיז, — דֶער סוּפִיט אִיז גֶעפָּאקְאסְטִירְט דוּנְקִיל בְּלָאה, אִין סוּפִיט אִיז אַריין גֶעצוֹיגֶען אַ הֶיינְגְלַייכְטֶער מִיט לִיכְט, אַ צְוֶויי רֶערִיגֶער לָאמְפּ, אויף דִי פֶענְצְטֶער גַארְדִינֶען, פוּן דְרוֹיסִין לָאדִינָם, אִין הוֹיז זֶעהֶער אַ גֶעשְׁמַאקֶער לוּפְט.

דִי דִילִין אִיז בֶּעצוֹיגִין מִיט טַייֶערֶע גֶעקָאלִירְטֶע דִיוַואנֶעם, צוּם הוֹיז אִיז דָא אַ וַואלְד, אַ טַייךְ, אַ וַואסֶער צָאנְג גֵייט אִיבֶּערַאלל, אויךְ גֵייֶען אַרוּם פֶּער־שִׁידֶענֶע בְּרוּאִים. אִין הוֹיז אִיז דָא פֶערְשִׁידֶענֶע פְּרִיפַּאסִין וֶועלְכֶע נֵייטִיג אִיז, פוּן אללֶע זַאכִין אִיז קֶאנְטִיג, דָאס דָא וואהְנְט אַ רַייכֶער בַּעַל הַבַּיִת, מִיט קוּנְסְשְׁטִיק אוּנ גְרוֹיס חָכְמָה אִיז אַלֶעס אַיין גֶעאָרְדֶנֶעט, קַיין וִוירְט זֶעהט עֶר אָבֶּער נִיט, עֶר זֶעהט נוּר קִינְדֶער שְׁפִּילִין זִיךְ. עֶר פְרֶעגְט בַּיי זֵיי וואוּ אִיז דֶער ווירְט? זֵיי שְׁוַוייגִין אוּנ וַוייסִין אִיהם נִיט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין.

עֶר טְרַאכְט וואוּ אִיז עֶר דָא אִין דֶער וֶועלְט? אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ אַ הוֹיז זָאלל זִיךְ פִיהרִין אָהן אַ ווירְט? אַ פָאטֶער וַוארְפְט נִיט אַוֶועק קַיין קִינְדֶער; — וִוי עֶר גֵייט אַזוֹי אַרוּם פַארְטִיפְט אִין גֶעדַאנְק, פְּלוּצִים קוּמְט אָן דֶער ווירְטה אוּנ זָאגְט אִיהם אִיךְ בִּין דֶער ווירְט, אוּנ דָאס אַלֶעס וָואס דוּ זֶעהסְט הָאב אִיךְ מִיט מַיינֶע הֶענְד גֶעגְרִינְדֶעט, אוּנ דָאס זַיינֶען מַיינֶע קִינְדֶער.

אַז עֶר אִיז מִיט דֶעם ווירְט מְקוֹרָב גֶעוָוארִין, הָאט אִיהם דֶער ווירְטה פַאר אַיין הוֹיז־לֶעהרֶער גֶעמַאכְט, אוּנ הָאט אַ בֶּעזוּנְדֶערִין וואהנוּנְג, דֶעם בֶּעסְטִין אִין

הויף אָב גֶעגֶעבֶּען, פַאר אִיהם מִיט זַיינֶע נַאכְקָאמֶענְדֶע קִינְדֶער אוֹיף עֶוִויג, אוּנ אִיז פֶערְבְּלִיבֶּען בַּיי׳ם בַּעַל הַבַּיִת, אַ עֶווִיגֶער גֶעלִיבְּטֶער.

# ב.

דֶער אֵיינֶער דָאס אִיז אוּנזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, עֶר הָאט גֶעבְּלָאנְדְזֶעט, ווייל זַיין פָאטֶער תֶּרַח אִיז גִיוֶועזֶען אַ גֶעצֶען־דִינֶער, נִמְרוֹד דֶער גִבּוֹר צַיִד אִיז דַאן קֵיסָר גִיוֶועזֶען, אוּנ דִי גֶעצֶען־דִינְסְט הָאט גֶעשְׁפִּילְט דִי רָאלֶע. אַבְרָהָם הָאט אַנְפַאנְגְס דִי וֶועג נִיט גֶעטְרָאפִין, עֶר הָאט גִיקְלֶערְט אוֹיף דִי זוּהן, דִי לְבָנָה, אֶפְשָׁר אִיז דָאס גָאט, נוּר זַיין פֶערְשְׁטַאנְד הָאט דָאס אִיהם נִיט גֶעלָאזְט גְלוֹיבִּין, עֶנְדְלִיךְ הָאט אִין אִיהם אַריין גֶעשַׁיינְט דִי לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער אֶמֶת׳ער אֱמוּנָה. אִיז עֶר צוּ גֶעגַאנְגֶען נֶעהְנְטֶער צוּ דֶער זַאךְ. עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען דִי וֶועלְט מִיט אִיהרֶע גְרוֹיסֶע אָרְדֶענוּנְגֶען, אַלֶעס אָבּ גֶעשְׁטִימְט פִּינְקְטְלִיךְ צוּ דֶער צַייט, אִין וָואג אוּנ אִין מָאס. עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען דִי זוּהן מִיט דִי לְבָנָה. דֶעם הִימֶעל מִיט דִי שְׁטֶערִין ווִי לִיכְט, דֶער שַׁאטִין צוּ פַארְשְׁטֶעלִין דִי הִיץ ווִי גַארְדִינֶען. דִי פִינְצְטֶערֶע נַאכְט ווִי לָאדִינְס, דֶער גֶעשְׁמַאקֶער לוּפְט אִיבֶּערַאלל.

# ג.

דִי עֶרְד אִיז בֶּעדֶעקְט מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁפְּרָאצוּנְג אוּנ גֶעווּאוּקְס. אִין דִי עֶרְד גֶעפִינְט זִיךְ פֶערְשִׁידֶענֶע מֶעטַאלֶען. אַלֶע מִינֵי בְּרוּאִים פוּן דֶער וֶועלְט. יֶעדֶער מִין מִיט זַיין נַאטִירְלִיכֶען פֶערְשְׁטַאנְד, דִי יַמִים מִיט דִי בְּרוּאִים, דֶער וָואלֶקְעַן מִיט זַיין רֶעגִין. אַלֶעס גֶעווּוִיגִין אוּנ גֶעמָאסְטִין רִיכְטִיג.

אַבְרָהָם אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרוֹיסֶער פְּהִילָאזָאף, הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען קְלֶערִין אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ אַזוי אַ גְרוֹיסֶע וֶועלְט, יֶעדֶער זַאךְ קִינְסְטְלִיךְ גֶעאַרְבֵּייט, אוּנ עֶס אִיז נָאךְ אַלֶעס גַייא ווִי הַיינְט גֶעמַאכְט, זָאל נִיט זַיין אֵיינֶער וָואס הָאט דָאס אַלֶעס גֶעאָרְדֶנֶעט, אוּנ פִיהְרִין דִי גַאנְצֶע ווִירְטְשַׁאפְט? עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ גְלוֹיבֶּען. עֶר זֶעהט אָבֶּער דִיא מֶענְשֶׁען פוּן דֶער וֶועלְט פֶערְשְׁטֶעהֶען גָאר נִיט, זֵיי פַארְנֶעמֶען זִיךְ גָאר מִיט גֶעצִין־דִינְסְט. — עֶר הָאט זִיךְ אַזוי פִיל פַארטִיפְט אִין גִידַאנְק, בִּיז גָאט הָאט זִיךְ צוּ אִיהם בֶּעווִיזֶען, אוּנ זָאגְט אִיהם, אִיךְ בִּין. דֶער בַּעַל הַבַּיִת פוּן דֶער וֶועלְט. אִיךְ בִּין דֶער בּוֹרֵא, דֶער מַשְׁגִיחַ אוּנ הָאט מִיט אִיהם כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶועזֶען, צוּ גֶעבִּין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל צוּ אִיהם מִיט זַיינֶע נַאכְקָאמֶענְדֶע קִינְדֶער אוֹיף עֶוִויג.



# מָה רַבּוּ מַעֲשֶׂיךָ ה׳ כֻּלָּם בְּחָכְמָה עָשִׂיתָ.

---

## א.

װֶען מֶען זָאל בֶּעטְרַאכְטֶען דִי װֶעלְט מִיט אִיהרֶע בְּרוּאִים, לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנ נִיט לֶעבֶּעדִיגֶע, זֶעהט מֶען װִי יֶעדֶער זַאךְ אִיז גֶעמַאכְט בְּכַוָּנָה.

בֶּעטְרַאכְט נוּר דִי זוּהן אִיז הֶעכֶער פַאר דִי עֶרְד 20 מִילְיָאן מַייל, דִי לְבָנָה אִיז 1/50 טְהֵייל פוּן כַּדוּר הָאָרֶץ, עֶס אִיז דָא שְׁטֶערִין װֶעלְכֶע זַיינֶען װַייט פוּן דֶער עֶרְד זֶעכְצִיג טױזֶענְד מָאהל אַזױ פִיל װִי דִי זוּנן פוּן דִי עֶרְד. עֶס אִיז דָא שְׁטֶערִין װָאס זַיינֶען גְרוֹיס טױזֶענְדֶער מָאהל װִי דֶער גַאנְצֶער עֶרְד־קוּגִיל.

דֶער עֶרְד־קוּגִיל אוּנ אַללֶע כַּדוּרִים הֵיינְגֶען אִין אַוִיר. זֵיי דְרֵייעֶן אַרוּם אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע אוּנ לױפִין אָהן אַ אָבְּהַאלְט. דִי זוּנן, דִי לְבָנָה, דִי שְׁטֶערִין, בְּרֵיינְגֶען זֵייעֶרֶע אַבְּגִישְׁטֶעלְטֶע נוּטְצִין, אוּנ בֶּעלַייכְטִין אִין זֵייעֶר אַבְּגִישְׁטֶעלְטֶע צַייט, יֶעדֶער טָאג גְלַייךְ, װֶער טְרַייבְּט זֵיי נָאךְ אַ נַאנְד, אַז נִיט דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם? דִי עֶרְד אִיז אַ גֶעגְרֵייטֶער טִישׁ, אַללֶעס װָאס פָאדֶערְט פַאר דֶעם מֶענְשִׁין, זִי הָאט אִין זִיךְ פֶערְשִׁידֶענֶע מֶעטַאלֶען, קוּפֶּער, אַייזִין, זִילְבֶּער, גָאלְד, דִימַאנְטִין אוּנ נָאךְ. — אַללֶעס מִיט אַיין רִיכְטִיגֶען סֵדֶר בֶּעשַׁאפִין. דָאס אַללֶעס קָאן קֵיינֶער נִיט לֵייקֶענֶען אוּנ מוּז מוֹדֶה זַיין דָאס אַיין רֶעגִירֶער רֶעגִירְט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער טֶבַע.

## ב.

עֶס אִיז צוּ בֶּעװוּנְדֶערִין, דָאס װָאס עֶס פָאדֶערְט פַאר דֶער װֶעלְט מֶעהר אִיז פוּן דֶער זַאךְ דָא מֶעהר. קוּפֶּער אִיז דָא װֵיינִיג, זִילְבֶּער גָאלְד נָאךְ װֵיינִיגֶער, דִימַאנְטִין גָאר װֵיינִיג. — װָאס דֶער גֶעבְּרוֹיךְ אִיז מֶעהר קוּמְט אָהן גְרִינְגֶער, װַאסֶער פָאדֶערְט מֶעהר װִי אַללֶעס, פְלֵייצְט דָאס אוּמֶעדוּם פוּן גַאנְצֶען עֶרְד־קוּגִיל. אָהן אַוִיר קָאן מֶען נִיט לֶעבִּין אַיין רֶגַע, אִיז דֶער אַוִיר פוּל אִין אַללֶע זַאכֶען אוּמֶעדוּם, אוּנ מֶען בֶּעקוּמְט דָאס גָאר אָהן אַ שוּם מִיהֶע. דִי גֶעװוּקְסִין װָאס דִי עֶרְד גִיט אַרוּיס, װַאקְסְט יֶעדֶער מִין נָאךְ אִיהר אָרְדְנוּנְג. דִי גֶעװוּקְס װָאס זִיא דַארְף מֶעהר דִי זוּנְן הָאט זִיא װֵיינִיגֶער בְּלֶעטֶער אִיהר צוּ פַארְשְׁטֶעלִין, אוּנ װֶעלְכֶע עֶס דַארְף מֶעהר שַׁאטִין, הָאט זִיא מֶעהר בְּלֶעטֶער. דִי בְּלוּמֶען װָאס דַארְפִין דִי זוּנן, קֶעהרִין זֵיי זִיךְ צוּ דֶער זוּנן.

## ג.

אַללֶע תְּבוּאוֹת, צב״ש װֵייץ, קָארִין, גֶערְשְׁטִין, לִיגְט דָאס מֶעהרְסְטֶע אִין

אַ פְּלֶעוֶוע, ווי אין אַ שֵׁיידיל, בְּעת דֶער טויא קוּמְט אָן עֶפֶּענֶען זֵיי די מֵיילֶער, אַז דֶער טויא גֵייט אָב מַאכֶען זֵיי צוּרִיק צוּ.

עֶס אִיז ווִידֶער צוּ בֶּעוואוּנְדֶערִין אַלֶּעס וָואס עֶס אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶען, אִיז גֶעפָּארְט זָכָר וּנְקֵבָה, דָאס קְלֶענְסְטֶע גְרֶעזֶעלֶע מוּז הָאבִּין זַיין פָּאר. דֶער ווִינְד בְּרֵיינְגְט זֵיי אַלֶּע צוּ זַאממֶען. אָפְטֶער פָּארְט עֶר זֵיי צוּנוֹיף פוּן הוּנְדֶערְטֶער מֵיילִין. עֶס אִיז ווִידֶער דָא אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואס זֵיי שַׁאדֶעט גָאר דֶער ווינְד, אִיז דֶער פְלִיג זֵייעֶר צוּ זַאממֶען בְּרֵיינְגֶער, עֶר נֶעמְט צוּ די זָאמֶען פוּן אֵיין גֶעוואוּקְס, אוּנ בְּרֵיינְגְט זִיא אַרַיין אִין אַ צְוֵוייטֶע, אוּנ דֶער פְלִיג וֶוערְט דָארְט פַאר פְלָאנְטֶערְט בִּיז עֶר טוּהט אָב זַיין אַרְבֵּייט.

וֶוער זָאגְט די בְּלוּם זִיא זָאלל זִיךְ קֶעהרִין צוּ דֶער זוּנן? וֶוער הֵייסְט די פְּלֶעוֶוע עֶפֶּענֶען אוּנ פֶערְמַאכִין די מוֹיל? וֶוער שִׁיקְט דָעם ווינְד? וֶוער פַאר־פְלָאנְטֶערְט די פְלִיג? אַז נִיט דֶער בַּאפֶעל פוּן בּוֹרֵא וָואס הָאט בֶּעשַׁאפִין די טֶבַע מִיט אִיהרֶע רַייכֶע אָרְדֶענוּנְגֶען.

## ד.

בֶּעטְרַאכְט נוּר די לֶעבֶּעדִיגֶע בְּרוּאִים וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ אִין יַם, דֶעם שֵׁיינֶעם אָרְדֶענוּנְג, ווִי יֶעדֶער בְּרִיָה אִיז גֶעבָּארִין מִיט אִיהר נַאטוּר, צוּם נוּטְץ פַאר דֶער וֶועלְט. די יַעֲלֵי סֶלַע (שְׁטֵיינְבָּאק), אִין אִיהר אִיז אַרַיין גֶעגֶעבִּין די טֶבַע פַיינְד צוּ הָאבִּין אִיהרֶע אֵיינֶגֶענֶע קִינְדֶער. צוּ דֶער צַייט וֶוען זִיא דַארְף דָאס קִינְד גֶעבֶּארִין גֵייט זִיא אַרוֹיף אוֹיף אַ הוֹיכֶען אָרְט, כְּדֵי דָעם קִינְד אַרָאפּ צוּ וַוארְפִין, פּוּנְקְט צוּ דֶער אֵייגֶענֶער צַייט קוּמְט דֶער אָדְלֶער אוּנ נֶעמְט צוּ דָאס קִינְד אוֹיף זַיינֶע פְלִיגְלֶען.

די אַיָלָה קָאן נִיט גֶעבָּארִין דָאס קִינְד, פּוּנְקְט צוּ דֶער צַייט קוּמְט אַ שְׁלַאנְג אוּנ בַּייסְט אִיהר אֵיין אִין דֶעם אָרְט. אוּנ זִיא גֶעבֶּערְט דָאס קִינְד. וֶוען דֶער שְׁלַאנְג זָאל קוּממֶען מִיט אֵיין רֶגַע פְרִיעֶר אָדֶער שְׁפֶּעטֶער, וָואלְט זִיא גָאר נִיט הֶעלְפִין אוּנ די אַיָלָה וָואלְט טוֹידְט בְּלַייבִּין.

די שְׁטָארְךְ פָאגִיל גֵייט ווינְטֶער אַוֶועק אִין די וַוארֶעמֶע לֶענְדֶער. זָאממֶער קוּמְט זִיא צוּרִיק אִין די קַאלְטֶע לֶענְדֶער, אוּנ טֶרעפְט פּוּנְקְט צוּ אִיהר־פְרִיעֶרִיגֶען אָרְט.

דֶער קְלַאפֶּער־שְׁלַאנְג וֶועלְכֶער גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַמֶערִיקַא, אִין אַפְרִיקַא, עֶר אִיז אַזוֹי אֵיין מִין מַזִיק, אַז צַייט דְרַיי מִינוּט שְׁטַארְבְּט מֶען פוּן זַיינֶעם אַ בִּיסס, דֶער פָאר אִיז זַיין טֶבַע, אַז וֶוען מֶען אִיז נִיט ווַייט פוּן אִיהם, הֵייבְּט עֶר אָהן צוּ קְלִינְגֶען, מֶען זָאלל ווִיסִין פוּן אִיהם צוּ אַנְטְלוֹיפִין.

## ה.

אין יַם גֶעפִינֶען זיך אַלֶע בְּרוּאִים עֶהנְלִיך וִוי אין דֶער יַבָּשָׁה. עֶס אִיז וֶועגֶען דֶעם פִּיל צוּ בֶּעשְׁרַייבִּין, מִיר בְּרֵיינְגֶען נוּר צוּ אוּנְזֶער צִיעל אֵיין מִין, דֶעם וַואלְפִיש, פוּן וֶועלְכֶען מֶען בֶּעקוּמְט דִי פִּיש־טְרָאן, עֶר אִיז לַאנְג הוּנְדֶערְט אֵיילִין, אוּנ בְּרֵייט פוּפְצִיג אֵיילִין. זַיין קָאפּף אִיז אַדְרִיטִיל פוּן קֶערְפֶּער. דִי מוּיל אִיז גְרוֹיס נָאךְ דֶעם קֶערְפֶּער נָאךְ. אַזוֹי אַ מִין בְּרִיָה קָאן דָאךְ אַיינְשְׁלִינְגֶען פוּן דִי בְּרוּאִים וֶועלְכֶע אִין יַם. דַאפִיר אִיז בֶּעשַׁאפֶען דִי בְּרֵייט פוּן זַיין הַאלְדְז נוּר וִוי פִיר פִינְגֶער.

דִי חָכְמָה פוּן בִּיבֶּער אִיז אוּנ־נַאטִירְלִיךְ צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, זֵייא בּוֹיעֶן אוֹיס פַּאר זִיךְ בִּנְיָנִים וִוי דִי גְרֶעסְטֶע אִינְזֶענֶערִין אוּנ מֶעכַאנִיקֶעם, פְרִיעֶר קְלַייבִּין זֵיי זִיךְ צוּ זַאמְמֶען בִּיז 300 מַאן. אוֹיסְזוּכֶען אֵיין גִיפֶּעלִיגֶען פְּלַאץ בַּייא אֵיין טַייךְ. אַרוּם טַייךְ מַאכִין זֵיי אַ שְׁלוּז (דַאמְבֶּע), נָאךְ דֶעם רֶעכֶענוּנְג וִוי וַוייט דֶער וַואסֶער קָאן אוֹיס פְלִיסֶען, עֶס קָאן אוֹיס קוּמֶען אַ מָאהל בִּיז 100 אֵיילִין דִי לֵיינְג, דִי אַרְבֵּייט וֶוערְט גֶעמַאכְט רִיכְטִיג וִוי מִיר מֶענְשֶׁען מַאכֶען אַ דַאמְבֶּע. פוּן דֶער זַייט שְׁלוּז בּוֹיעֶן זֵיי זִיךְ נַאכְהֶער אוֹיס הַייזֶער, דִי גְרוֹיס יֶעדֶער נָאךְ זַיין פַאמִילְיֶע, דִי הַייזֶער וֶוערְט גֶעבּוֹיט מִיט אַלֶע פֶּערְגֶענִיגֶען וִוי מִיר מֶענְשֶׁען בּוֹיעֶן. אוּנְטֶער דִי הַייזֶער וֶוערְט גֶעמַאכְט קֶעלֶערִין. דִי עֶרְד דֶעקִין זֵיי אוֹיס מִיט גְרָאז. זֵיי וְואהְנֶען זֶעהֶער זוֹיבֶּער.

## ו.

דִי מוּרַאשְׁקֶעס גְרֵייטִין אָהְן זֵייעֶר שְׁפֵּייז זוּממֶער אוֹיף דֶעם ווִינְטֶער, אוּנ בֶּעהַאלְטֶען דַאס מִיט גְרוֹיס חָכְמָה, זֵיי לֶעבִּין מִיט אַ גְרוֹיסִין אָרְדֶענוּנְג, עֶס וֶוערְט גֶעפִירְט בַּיי זֵיי אִין דֶעם אַרְט וִוי אַ מְלוּכָה.

דִי בִּינֶען בּוֹיעֶן שְׁטֶענְדִיג זֵייעֶרֶע וואהנוּנְגֶען אַלֶע אִין אֵיין פָאְרמֶע, אִין אֵיין גְלַייכֶע מָאסס, אַ זֶעקְס קַאנְטִיגֶע שְׁטִיבֶּעלֶע, בִּכְדֵי עֶס זָאל אִין גַאנְצֶען שֶׁטַח קַיין לֵיידִיגֶע פְּלַאץ נִיט בְּלַייבֶּען, זֵיי בּוֹיעֶן זִיךְ אוֹיס הַייזֶער אוֹיף דֶעם וִוינְטֶער וֶוען אוֹיךְ זֵיי הָאבִּין נָאךְ דֶעם ווִינְטֶער נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנ בִּכְלַל פִּירְט זִיךְ בַּיי זֵיי מִיט גְרוֹיס אָרְדֶענוּנְג. עֶס אִיז וֶועגֶען דִי בִּינֶען זֶעהֶער פִּיל בֶּעשְׁרִיבֶּען. וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער, וִוי עֶס עֶרְקְלֶערִין דִי גַאטוּר פָאְרשֶׁער.

דֶער יוּנְגֶער שְׁפִּין נִיט גִילֶערִינְט, שְׁפִּינְט עֶר דָעם נֶעטְץ אִין דֶעם זֶעלְבִּין פָאְרמַאט פוּן זַיינֶע אֶלְטֶערִין.

דִי הִינְדִיל פַאְרשְׁטֶעהט בַּאלְד צוּ פִּיקִין אוֹיף דֶעם טִישׁ. זוּכֶען אִיהר בְּרֶעקִיל עֶססִין. — דִי עֶנְטִיל (קַאטְשְׁקֶע) פַאְרשְׁטֶעהט בַּאלְד צוּ שְׁווִימֶען, אַלֶע בְּרוּאִים טְרֶעפִין בַּאלְד וִוי זֵיי וֶוערִין גֶעבָּארִין דֶעם אָרְט וואוּ צוּ זֵייגֶען

אָבֶּער דֶער גֶעבָּארֶענֶער מֶענְשְׁלִיכֶער קִינְד טְרֶעפְט נִיט בַּאלְד אַלֵיין אָהן דִי מוּטטֶער.

דֶער עַכְבָּר פִילְט זֶעלְבְּסְט אוּנ וְויים צוּ אַנְטְלוֹיפֶען פַאר דֶער קַאץ, דִי שָׁאף פַאר דֶעם וָואלְף, וֶוען אוֹיךְ קֵיינֶער זָאגְט זֵיי נִיט.

דִי טוֹיב הִיט אִיהר פָאר הֵיילִיג וְוי מִיט חוּפָּה וְקִדוּשִׁין.

עֶס אִיז דָא בְּרוּאִים טוֹיזִינְדֶער מָאהל קְלֶענֶער וְוי אַ מִילְבּ, אוּנ זֵיי הָאבִּין אַלֶע אִינֶערְלִיכֶע אוּנ אוֹיסֶערְלִיכֶע אֵבְרִים, וְוי דִי גְרֶעסְטֶע בְּרִיוֹת, וְוי עֶס אִיז יָדוּעַ פוּן דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד אוּנ צוּ דִי נַאטוּר פָארְשֶׁער, דָאס אֲפִילוּ דֶער אֲוִויר אִיז אוֹיךְ פוּל מִיט בְּרוּאִים.

## ז.

אַךְ מֶענְשׁ, דוּ מֶענְשׁ! בֶּעדֵיינְק זִיךְ נוּר, וְוי קוּמְמְט דָאס פוּנְקְט צוּ דֶער צַייט דֶער אָדְלֶער צוּם שְׁטֵיינְבָּאק. וְוי פַארְזַאמְט דָאס נִיט דֶער שְׁלַאנְג אֵיין רֶגַע זַיין צַייט. וֶוער וַוייזְט דִי שְׁטָארְךְ פֹאגִיל אִיהר פְרִיעֶרִיגֶע דִירָה? — דֶער קְלַאפֶּער־שְׁלַאנְג זוּכְט דָאךְ מַזִיק צוּ זַיין, לְסוֹף אַז עֶר פִיהלְט אִיהם שְׁאהן נִיט וַוייט פוּן זִיךְ, וְוי קוּמְמְט דָאס אַז עֶר זָאלל אָנְפַאנְגֶען צוּ קְלִינְגֶען כְּדֵי מֶען זָאל וִויסִין פוּן אִיהם צוּ אַנְטְלוֹיפֶען? — וְוי אַזוֹי אִיז דָאס אַ פִישׁ פוּן 100 אֵיילִין דִי לֵיינְג, זָאל זַיין הַאלְדְז גְרוֹיס זַיין נוּר וְוי פִיר פִינְגֶער. — וֶוער לֶערִינְט דֶעם בִּיבֶּער, דִי בִּינֶען, צוּ בּוֹיֶען רִיכְטִיג זֵייעֶרֶע פַאלַאצִין? דֶעם שְׁפִּין צוּ וֶועבֶען? — פוּן וַואנֶען טְרֶעפְט דִי הִינְדִיל צוּ זוּכֶען אִיהר שְׁפֵּייז? דֶער קַאלְבּ זֶעלְבְּסְט צוּ זֵייגִין? פַאר וָואס טְרֶעפְט נִיט דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער קִינְד? — וֶוער זָאגְט אָן דֶעם עַכְבָּר, דִי שָׁאף, צוּ הִיטִין זִיךְ פוּן זֵייעֶר מַזִיק, וֶוען זֵיי קָאנְען אִיהם נָאךְ נִיט?

וֶוער לֶערִינְט דֶעם מוּרָאשְׁנִיק חָכְמָה אוּנ יוֹשֶׁר? — דִי טוֹיב זִיא זָאלל אִיהר פָאר הִיטִין. — וְוי אַזוֹי לִיגְט דָאס אִין אַקְלֶענֶערֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ וְוי אַ מִילְבּ אֵבְרִים וְוי בַּיי דִי גְרֶעסְטֶע בְּרִיָה, אוּנ בִּכְלַל וְוי אַזוֹי בֶּעקוּמֶען דָאס אַלֶע בְּרוּאִים, בִּיז דֶעם קְלֶענְסְטִין וֶועֶרֶעמִיל. זֵייעֶר שְׁפֵּייז צוּ דֶער צַייט אוּנ אִין דֶער מָאס?

מִיט אֵיין וָוארְט, אַלֶע בְּרוּאִים מִיט זֵייעֶר מִיט־גֶעבָּארֶענֶעם נַאטוּר, שְׁרַייעֶן שְׁטֶענְדִיג אוֹיס שְׁמַע יִשְׂרָאֵל וגו׳, נוּר אֵיין גָאט וָואס הָאט דָאס אַלֶעם בֶּעשַׁאפִין עֶר פִיהרְט דָאס.

דַארוּם הָאבֶּען דִי חֲכָמִים גֶעמַאכְט אַ פֶּרֶק שִׁירָה, אַ אִיד זָאלל דָאס אַלֶע טָאג זָאגֶען, מִתְבּוֹנֵן צוּ זַיין זִיךְ פוּן דִי בְּרוּאִים, וְוי זֵיי זַיינֶען בֶּעשַׁאפֶען מִיט גְרוֹיס חָכְמָה, אוּנ זֵייעֶר פִיהרוּנְג מִיט גְרוֹיס ווּאוּנְדֶער, וֶועט עֶר

ערשט פארשטעהען מָה רַבּוּ מַעֲשֶׂיךָ ה׳, ווי גרויס גאטטעס וואונדער איז, אונ דאדורך וועט ער בעקוממען אַהֲבַת אונ יִרְאַת ה׳, אונ וועט זוכה זיין צו חַיֵי עוֹלָם הַבָּא.

# אֱמוּנָה וְהַשְׁגָחָה.

כָּל עַצְמוֹתַי תֹּאמַרְנָה ה׳ מִי כָמוֹךָ.

## א.

אין אֱמֶת דארף גאר דער מענש ווייט ניט זוכען נִפְלָאוֹת הַבּוֹרֵא, ער געפינט דאס ביי זיך אין זיין קערפער. ער זאלל נור ארום טראכטין פון וואנען זיין שטאממע קוממט ארויס. אויב עס איז גאר גלויבליך דער פון זאל אַזוֹי אַ מִין בְּרִיָה מיט דעם נאמען מענש ארויס־קוממען.

דער מענש קוממט ארויס פון איין קראפט וועלכע מען בעקוממט דאס פון שפייז. די ערשטע קוועלע פון אללע שפייז איז די געוואוקס „צוֹמֵחַ" וואס דאס קוממט ארויס פון דער ערד, „דוֹמֵם". אונ דער פון קוממט ארויס דער חַי דער מְדַבֵּר דער מענש, וועלכער האט אַ מֶמְשָׁלָה אין די וועלט.

בעטראכט נור דעם געביי פון גאנצען קערפער, אינערליך אונ אויסערליך, ווי עס איז געשלאסין מען זאל זיך קאנען בייגען, קנייצען, ווי מען וויל, אונ ווי עס איז געבויט יעדער זאך בְּכַוָנָה.

די אֵבָרִים זיינען דאס מעהרסטע בעשאפען דאפעלע. זיי זאלין איהם פאלקאם נוצין, אונ כְּדֵי איינע זאל בענוצין פאר די צווייטע, ווען עס טרעפט זיך בעהיטע גאט איין אומגליק, — דער לונג, דער מוֹחַ, איז אויך אין צווייען בעשאפען. די אויג איז טיף אריין געזעצט, מען זאל זיך ניט גרינג קאנען אָבּ־קלאפען, אונ מיט אַ ברעם צו גידעקט, מען זאלל קאנען פארמאכין ווען מען וויל. — די מויל צום עסין, די ציין צום קייען, דער מאגין צום קאכין. — דער מאגין צו מאלט דעם עסין גאנץ דין אונ שיקט אריין אין די גדערעם, דארט ווערט דאס ווי מילך, די שמוץ וואס בלייבט איבער, שיקין אָבּ די גדערעם ארויס צו ווארפען. דער מילך זאנפט שפארט דורך, דורך די הויט פון די גדערעם אין לעבער אריין. אין לעבער ווערט דאס בלוט. — פון לעבער גייט אַ אָדער צום הַאַרְץ, דורך דעם אָדער גייט די בלוט צום הַאַרְץ. — די הַאַרְץ שיקט די בלוט פערנאנדער אין גאנצין קערפער, דער פון וואקסין די פליישׁ, די

בּיינֶער, די מַארך, אונ עס װערט געשׁפּייזט דער גאַנצער קערפּער. פון האַרץ גייט אַ גראָבער אָדער אין לונג אַריין.

דער גיװיינליכער קערפּער האָט 30 פונט בּלוט. די בלוט גייט דורך די לונגען 48 מאָהל אין אַ מינוט, אונ דורך די האַרץ לויפט דורך די בּלוט בּיז 96 מאָהל אין אַ מינוט.

דער גאַנצער קערפּער וואו עס גייט דורך די שפּייז אונ וואו עס לויפט דורך די בּלוט דורך די אָדערין, איז צו געריכט ווי רעקעלעך, ווי די שפּייז די בלוט גייען פאַרמאַכען זיך די רעקעלעך, עס זאָל צוריק ניט שפּאַרען.

# ב.

עס איז צו בּעוואונדערין ווי רייך די בּריאה איז געמאַכט, צו פאַרהיטין איהר פון שאַדין. דער גאַרגיל איז איין לופט־פּומפּע צום לונג. דער װעשט טראָגט אַריין די שפּייז, די געטראַנק, אין מאָגין אַריין. דער גאַרגיל שטעהט אין האַלדז פאַר דעם װעשט. די שפּייז די זופּ האָט קיין אַנדער װעג צו גיין נור איבּער דעם גאַרגיל. װען דער גאַרגיל זאָל בּעקומען עטוואָס פון דעם, װערט מען דער שטיקט.

דער גאַרגיל האָט אויף זיך אַ היטיל, נור אַ גאַנץ דינער שפּעלטיל איז אָפען, אַריין צו פּומפּען אונ אוים צו פּומפּען די לופט. דער שפּאַלט רופט זיך שטימע־שפּאַלט. ווייל ווי דער אַויר קוממט איבּער דעם שפּאַלט גייט אַרוים דער קול. אום צו פאַר היטין פון אַסבּה גייט אַרוים פון האַלדז איבּער דעם שפּאַלט אַ רעקיל וואָס דעקט אָב. אונ דעקט צו בּייא יעדער בּיסין וואָס גייט אין װעשט. — אין דער צייט פון עסען דאַרף מען דאך אויך האָבּין לופט, קאַן דאך דורך דעם רעקיל אַריין גיין בּרעקלעך פון שפּייז אין שפּאַלט אַריין. איז געמאַכט געוואָרין בּיים האַלדז צוויי שפּאַלטין, אויב עס װעט פאַרבּלאָנדזען אַ בּרעקיל, זאָל אַריין פאַלען אין די שפּאַלטין, דאָרט איז דאָ אַ מין פייכטקייט וואָס עס צו לאָזט די בּרעקליך, אונ עס מאַכט גלאַט בּיז עס פאַלט אַרוים.

דאַרום פאַרזאָגען אונזערע חכמים מען זאָל ניט ריידין אין עסען, ווייל ריידינדיג קאַן עס אַריין פאַלין אין שטימע־שפּאַלט, דאַן איז שאָהן אַ סכּנה. ווי מען זעהט אָפט מאָהל ריידינדיג אין עסען פאַנגט מען אָן צו הוסטין אונ שטיקין זיך, ווייל עס איז אַריין אַ בּרעקיל אין שטימע־שפּאַלט, שטיקט עס דעם אַויר אין די לונגען, הוסטינדיג פאַלט עס אַרוים. דאַרום דאַרף מען זיך בּעסער פאַרהיטין עס זאָל ניט קומען צו דעם.

# ג.

זעה אויב דער קערפּער איז ניט איין געטיילט ווי אַ פירשטליכער הויף

מִיט אָב גִישְׁטֶעלְטֶע דִינֶער, אֵיינֶער ווֶעלְכֶער בְּרֵיינְגְט אַריין אִין הויף אונ גִיט אִיבֶּער צוּם צְוֵוייטִין, דֶער צְוֵוייטֶער נֶעמְט צוּ אונ הַאלְט בַּיי זִיךְ בִּיז עֶס ווֶערְט בֶּעטְהֵיילְט דֶער גַאנְצֶער הויף. דֶער דְרִיטֶער טְהֵיילְט פֶערְנַאנְדֶער יֶעדֶערֶען ווִי נֵייטִיג. דֶער פִירְטֶער רֵיינִיגְט אָפּ דֶעם הויף פון דִיא שְׁמוּץ פון דֶער גַאנְצֶער צַייט.

דָאס אִיז דִי פִיר קְרַאפְטִין וָואס וִוירֶקֶען אִימֶער אִין מֶענְשֶׁען. א) כֹּחַ הַמּוֹשֵׁךְ" דָאס אִיז דֶער כֹּחַ וָואס צִיהט אַריין דִי שְׁפֵּייז אִין מָאגִין אַריין. ב) „כֹּחַ הַמַּחֲזִיק" דֶער קְרַאפְט וָואס הַאלְט אַיין דִי שְׁפֵּייז יֶעדֶער אִין זַיין בֶּעשְׁטִימְטֶען אָרְט, אִין זַיין אָבְּגִישְׁטֶעלְטֶע צַייט. ג) „כֹּחַ הַמְבַשֵּׁל", דֶער אַפַּארַאט וָואס קָאכְט־אוים בֶּעמִיצְנֶע דִי שְׁפֵּייז, פַאר יֶעדֶער אֵבֶר ווִי עֶר הָאט נֵייטִיג. ד) „כֹּחַ הַדּוֹחֶה" וָואס וַוארְפְט אַרוים דִי פְּסוֹלֶת פון קֶערְפֶּער, צוּ דֶער צַייט ווֶען דִי שְׁפֵּייז הָאט שָׁאהן אָב גֶעטָאהן אִיהר אַרְבֵייט.

## ד.

בֶּעטְרַאכְט נוּר דִי מַאשִׁינֶען וָואס אִיז אִין מֶענְשֶׁען, דוּ גֶעפִינְסְט אִין מֶענְשֶׁען, דֶעם לָאקָאמַאטִיף, וַואסֶער־צָאנְג, טֶעלֶעגְרַאף, טֶעלֶעפָאן, פָאנָאגְרַאף, פָאטָאגְרַאף, טִיפָּאגְרַאף.

דֶער לוּנְג אִיז אַ לָאקָאמַאטִיף וָואס גִיט פַּאהֶרֶע אונ בֶּעהֵייצְט, עֶר דִיסְטְאַ־לִירְט וַואסֶער. דִי נַאטוּר פָארְשֶׁער עֶרְקְלֶערִין ווִיפִיל אַרְבֵּייט דֶער לוּנְג טוּהט אָב, דַארְף מֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֶעל אַ מַאשִׁין גְרוֹים ווִי אַהוֹיף פון צְווַאנְצִיג פַאמִילְיֶען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטִין, אונ דֶער לוּנְג אִיז גְרוֹים אַרוּם צוּ נֶעמֶען ווִי מִיט בֵּיידֶע הֶענְד.

דִי הַארְץ טְרִינְקְט אָן קִינְסְטְלִיךְ מִיט בְּלוּט דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער. זִיא אַרְבֵּייט מֶעהר אונ בֶּעסֶער ווִי דֶער גְרֶעסְטֶער וַואסֶער־צַאנְג פון דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטָאט אִין דֶער ווֶעלְט.

חָכְמַת מוּזִיק גֶעפִינְט מֶען אִין אוֹיהֶער. עַד הַיּוֹם אִיז מֶען נָאךְ נִיט דֶער־גַאנְגֶען אִין גַאנְצֶען דִי חָכְמָה וָואס לִיגְט אִין אוֹיהֶער, דֶער אוֹיהֶער אִיז אַטֶעלֶע־פָאן, ווִי מֶען רֶעדְט דָא, דֶער הֶערְט דֶער מוֹחַ דָארְט.

דִי אוֹיג אִיז אַפָאטָאגְרַאפִיֶע וָואס חַאפְּט אַרָאפּ אוֹיף זִיךְ פון וָואס זִיא דֶער־זֶעהט.

דִי קָאפּ אִיז אַ פָאנָאגְרַאף אונ אַ טִיפָּאגְרַאף בֶּעזַאמֶען, אַלֶעס וָואס מֶען זֶעהט אונ מֶען הֶערְט בְּלֵייבְּט דָאס פון אִינֶעוֵוייניג אַזוֹי ווִי אָב גֶעדְרוּקְט. אונ מִיט דֶער מוֹיל רֶעדְט מֶען דָאס אוים.

## ה.

דֶער מוֹחַ אִיז דֶער קֶאנִיג פוּן גאנְצֶען קֶערְפֶּער, אִין אִיהם אִיז דָא פִיר חוּשִׁים. „רְאִיָה" זֶעהֶען „שְׁמִיעָה" הֶערִין „טַעַם" גֶעשְׁמַאק „רֵיחַ" דֶער שְׁמֶעקִין דִי זַאךְ.

דִי אוֹיג הָאט פוּן אִינְוֶוייניג בּיי'ם מוֹחַ אַזוֹי וִוי אַיין וַואנְד, וָואס פָאטָא־גְרַאפִירְט אוֹיף זִיךְ דִי גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶער זַאךְ, וֶועלְכֶע דִי שְׁטְרַאלִין שַׁיינֶען אַהִין אַרַיין דוּרְךְ צְוֶוויי אִריבֶּער־גֶעלַייגְטֶע נֶערְוִוין, וָואס דוּרְךְ זֵיי קוּמְט אַרַיין אִין מוֹחַ דִי לִיכְטִיגְקֵייט. – דִי צְוַויי נֶערְוִוין צִיהֶען זִיךְ פוּן מוֹחַ צוּם אוֹיג אוּנ לִיגִין גֶעשְׁלַייפְט אֵיינֶער אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערִין.

אוֹיךְ הָאט דִי אוֹיג זִיבֶּען פֶערְשִׁידֶענֶע הַייטְלֶעךְ. עֶס זָאל אוּיס־קוּמֶען דִי רְאִיָה וִוי נֵייטִיג אִיז.

אִין אוֹיהֶער גַאנְץ טִיף אִיז צוּ גֶערִיכְט פוּן אִינֶעוֵוייניג, אַיין אָרְט פוּל מִיט אַוִיר פוּן גֶעבָּארִין. אוּנ בֵּיינְדֶערְלֶעךְ מִיט שְׁטִיקֶעלֶעךְ פְלַייש, אִיבֶּער דֶעם אִיז בֶּעצוֹיגֶען אַ הַייטִיל וִוי אַ פַּייקֶעלֶע. וִוי עֶס קוּמְמְט אַהִין דֶער קוֹל, הֵייבֶּען אָן דִי שְׁטִיקֶעלֶעךְ פְלַייש, טְרַייבֶּען דִי בֵּיינְדֶערְלֶעךְ דוּרְךְ דֶעם זַאפַאסְנֶעם גֶעבָּארֶענֶעם אַוִיר, אוּנ זֵיי פָּאוּיקִין אוֹיף דִי הַייטִיל אוּנ דָאס קְלַאפְּט אַרַיין אִין גֶעדְווּ. וֶועלְכֶער אִיז צוּ גִיצֶעפֶּעט צוּם מוֹחַ, אוּנ דֶער מוֹחַ פִיהלְט צוּ פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס פַאר אַ מִין קוֹל וְדִבּוּר עֶס הֶערְט זִיךְ דָארְט.

דִי זֶעלְבֶּע אִיז דֶער חוּשׁ הַטַעַם, אוּנ חוּשׁ הָרֵיחַ, צוּ גִיצֶעפֶּעט דוּרְךְ נֶערְוִוין וָואס גֵייט אַרוּים פוּן מוֹחַ צוּם צוּנְג, צוּם גוּמֶען, צוּ דִי נָעזְלֶעכֶער.

עֶס אִיז דָא אַ פִינְפְטֶער חוּשׁ, דֶער „חוּשׁ הַמִישׁוּשׁ" דֶער טַאפִּין דִי זַאךְ. צוּ דֶעם חוּשׁ הַמִישׁוּשׁ, הָאט שָׁאהן דֶער מוֹחַ אַ מִיט־הֶעלְפֶער, דִיא חוּט הַשְׁדְרָה, וֶועלְכֶע זִיא צִיהט זִיךְ פוּן מוֹחַ, דֶער מוֹחַ מִיט דִי שְׁדְרָה שִׁיקִין פֶערְנַאנְדֶער דִי שְׁלוּחִים דִי נֶערְוִוין אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער. דִי גֶערְוִוין וָואס זֵיי דֶערְטַאפֶּען גִיבִּין זֵיי בַּאלְד אַ טֶעלֶעגְרַאפִישֶׁע יְדִיעָה צוּם מוֹחַ, אוּנ דֶער מוֹחַ פִיהלְט בַּאלְד וָואס מֶען הָאט דָארְט אָן גֶעטַאפְּט, הֵיים, קַאלְט, הַארְט, וֵוייךְ, נַאס, טְרוּקִין, דָאס אִיז דֶער גֶעפִיל פוּן הִיץ אוּנ קֶעלְט, אַ קְלַאפּ אַ בְּרָען, אוּנ דֶער טַאפֶּען דִי זַאךְ.

דָא הָאבֶּען מִיר נוּר עֶטְוָואס אָן גֶעמֶערְקְט וֶועגִין קֶערְפֶּער, עֶס אִיז דָא וֶועגִין יֶעדֶער אֵבֶר פוּן קֶערְפֶּער בֶּעזוּנְדֶער צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּען. וואוּ אִיז נָאךְ דִי גֶעטְלִיכֶע חָכְמָה אִין כֹּחַ הַתּוֹלָדָה, אוּנ בִּכְלַל דֶער גַאנְצֶער מֶענְשׁ, דֶער מוֹחַ, דִי הַארְץ. וֶועלְכֶע זֵיי בֵּיידֶע זַיינֶען דִי פִיהרֶער פוּן מֶענְשֶׁען, דִי קָאפּ טְרַאכְט, דִי הַארְץ פַארְשְׁטֶעהט.

## ו.

בֶּעטְרַאכְט נוּר דִי קִינְסְטְלִיכֶע אַרְבֵּייט פוּן דִי רֶעדֶע קְרַאפְט וָואס בַּיי'ם מֶענְשֶׁען אִיז, דֶער גָארְגִיל אִיז הוֹיל, דֶער קוֹל זָאל קָאנֶען דוּרְךְ גֵיין, דֶער

גומען, די ציין, דער צונג, די ליפפען, צום אויס־שפראך. אויסער זייער נוטץ צום פערפערטיגען די שפייז פאר דעם קערפער.

מען זאל נאך בעטראכטען די כחות פון נפש, „שכל“, „דבור“, „זכרון“, „שכחה“. ווען עס זאל דעם מענשען פעהלין איינע פון די זאכין, ווי וואלט ער אויס־זעהען?

עס זאלל נור פעלין דעם מענשין דער כח הזכרון וואללט איהם שאהן ניט נוטצין דער שכל, די רעדע־קראפט, זיין גאנצע מיהע וואלט אוועק אין גאר ניכטס.

ווי זכרון איז נייטיג, אזוי איז נייטיג דער כח השכחה, ער וואלט ניט פארגעסין די שלעכטע טראף זיינע, וואלט איהם קיין פרייד ניט מאכען קיין איבער־ראשונג, אונ אפט מאהל וואללט דאס איהם גאר פון דער וועלט אומברייננגען.

זעה נור, די ביידע כוחות זיינען דאך קאנטראסט ביים מענשען, אונ זיי שטימען צום נוטץ. נור דער בורא יחיד ער קאן דאס איין שטימען אין מענשען.

# ז.

דער שכל מיט דעם כח הדבור וואס איז געגעבען נור דעם מענשען, דורך די ביידע כוחות ענזעסטירט ער אין דער וועלט. — דער צונג איז די פעדער פון הארץ, ארויס צו געבין זיין אינערליכען פערלאנג, מיט די ביידע קראפטין דרייט ער זיינע רעדער איבער דער גרויסער וועלט. דער שכל קלעהרט אויס פלענער, מאשינען, די רעדע־קראפט גיט דאס איבער אונ דער שכל האט שאהן געפונען מיטלען די רעדע קראפט צו פארברייטערין ווייטער אויף טויזענדער מיילין, אונ טויזענדער שטעט. ווען אויך דער שכל שטארבט אב, דער כח הדבור גייט פערלארין, זיינע אויפ־טוהען פערבלייבט אין דער וועלט אויף עוויג, דער מיט איז דער מענש איין אויס־נאהם פון אללע ברואים.

דער כלל, אויף יעדער גליד, אויף יעדער אדער איז אן צו טאפען די גאטהייט, דארויף זאגט דוד המלך ע"ה. מיינע אלע ביינער שרייען אויס, גאט! ווער איז גלייך צו דיר.



# דֶרֶךְ אֱמוּנָה.

אֵיפֹה הָיִיתָ בְּיָסְדִי אָרֶץ
הַגֵּד אִם יָדַעְתָּ בִינָה וגו׳.
(איוב לח)

## א.

דִי גַאנְצֶע בְּרִיאָה, דִי וֶועלְט מִיט אִיהרֶע נַאטוּר, יֶעדֶער בֶּעשֶׁאפֶּענִעס לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנ נִיט לֶעבֶּעדִיגֶע, פַארְשְׁטֶעהט מֶען נוּר דֶעם כֹּחַ וֶועלְכֶע מִיר זֶעהֶען דָאס זֵיי אַרְבֵּייטִין אִין דֶער וֶועלְט. אָבֶּער וִוי אַזוֹי עֶס אַרְבֵּייט זִיךְ יֶעדֶער זַאךְ, דָאס קָאן מֶען בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט פַארְשְׁטֶעהֶען.

מֶען פַארְשְׁטֶעהט נִיט דֶעם גַאנְג פוּן לֶעבֶּען אוּנ טוֹידְט פוּן אַלֶע שְׁפְּרָאצוּנְגֶען, וִוי אַזוֹי דָאס אִיז, וִויפִיל מֶען הָאט שׁוֹין דֶערְגַאנְגֶען דִי חָכְמָה וְואס אִין דֶעם קֶערְפֶּער גֶעפִינְט זִיךְ, אוּנ צוּם גְרוּנְד דִי זַאךְ דֶער גֵייט מֶען נִיט בְּשׁוּם אוֹפֶן.

דִי אַרְבֵּייט פוּן מוֹחַ אִיז אַ בֶּעהַאלְטֶענֶע חָכְמָה. עֶס אִיז גָאר נִיטָא־קֵיין וֶועג וִוי צוּ דֶער גֵיין. עֶס אִיז גָאר נִיט צוּ פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס מִיט אִיהם אִיז, וִוי אַזוֹי דָאס פִיהלְט, וִוי אַזוֹי דָאס זֶעהט, וִוי אַזוֹי דָאס הֶערְט? וֶוער שְׁפִּילְט דָארְט דִי רָאלֶע וֶוער אִיז דֶער אִיךְ וָואס וואהְנְט אִין מוֹחַ? וואו עֶנְטְהַאלְט זִיךְ דָאס אַלֶעס וָואס דֶער מֶענְשׁ זֶעהט אוּנ הֶערְט. אוּנ טְרַאכְט דוּרְךְ אִין זַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען.

פְרֶעג דִי פִילָאזָאפִין, דִי נַאטוּר פָארְשֶׁער, אִין דֶער צֵייט וָואס פַאלְט אַרוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁען אַ גֶעדַאנְק, וָואס טוּהט דַאן דֶער מוֹחַ? וָואס אִיז דִי אַרְבֵּייט פוּן יֶעדֶער מִין שְׁטָאף וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין מוֹחַ? דֶער מַארְךְ, דִי אָדֶערְלֶעךְ, דִי נֶערְוִוין, דִי רוּיגִין קַייְקעלֶעךְ פוּן וֶועלְכֶע דִי מַארְךְ בֶּעשְׁטֶעהט, וֶועלִין זֵיי דִיר נִיט וִוילִינְדִיג עֶנְטְפֶערִין מִיר וֵוייסִין נִיט.

בֶּעטְרַאכְט נוּר דִי קְרֶעפְטִין פוּן מוֹחַ, וִויא קִינְסְטְלִיךְ דָאס אַרְבֵּייט, וִויא אַזוֹי מֶען פַארְגֶעסְט אַזַאךְ, אוּנ וִוי אַזוֹי מִיט גְרוֹיס אַנְשְׁטְרֶענְגוּנְג דֶערְמָאנְט מֶען זִיךְ, וֶוער דֶערְמָאהְנְט דָאס? וֶוער זָאגְט דָאס אִיהם אוֹיס?

פַארְשְׁטֶעה פוּן וַואנֶען שֶׁעפְּט מֶען דָאס אָן נַייֶע רַעֲיוֹנוֹת. וִוי אַזוֹי פַאלְט צוּ אַ רַעֲיוֹן. וָואס מֶען הָאט פוּן דֶעם קֵיין מָאהל נִיט גֶעדֵיינְקְט. אֵיינֶער אִיז זִיךְ מְסַדֵר אַ דְרוּשׁ, אוּנ אִין מִיטִין דְרוּשׁ פַאלְט אִיהם גָאר אַיין גַאנְץ אַנְדֶערְשׁ צוּ טַייטְשִׁין דֶעם פָּסוּק, וֶועלְכֶעס עֶר הָאט דָאס נִיט גִיזֶעהֶען אוּנ נִיט גִיהֶערְט.

## ב.

אַז דו פַארְשְׁטֶעהסְט נִיט וִוי אַזוֹי דֶער שְׁפְּרַאצוּנְג שְׁטַארְבְּט אוּנ לֶעבְּט אָבּ, אוּנ דוּא זֶעהסְט דָאךְ אַז עֶס אִיז אַזוֹי, קָאנְסְט דוּ שָׁאהן גְלוֹיבֶּען תְּחִיַּת הַמֵּתִים.

אַז דוּ פַּארְשְׁטֶעהסְט נִיט דִי חָכְמָה וִוי אַזוֹי עֶס אַרְבֵּייט זִיךְ בַּיי דִיר אִין מוֹחַ, וֶועלְכֶע דוּ זֶעהסְט יֶעדֶע רֶגַע אִיהר אַרְבֵּייט, קָאנְסְט דוּ שְׁאהן גְלוֹיבֶּען אִין אַ הֶעכֶערֶע סָארְט חָכְמָה וֶועלְכֶע וֶוערְט גֶעשִׁיקְט אִין מוֹחַ, דָאס אִיז רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, נְבוּאָה.

אַז דוּא קָאנְסְט נִיט פַארְשְׁטֶעהֶען דִי וֶועלְט וָואס דוּ זֶעהסְט מִיט דַיינֶע אוֹיגִין, קָאנְסְט דוּ שָׁאהן גְלוֹיבֶּען אַז עֶס אִיז דָא נָאךְ אַ וֶועלְט וֶועלְכֶע דוּ זֶעהסְט נִיט, אוּנ אַזוֹי וִוי אוֹיף דֶער וֶועלְט גֵייט נִיט אַלֶעם גְלַייךְ, אַזוֹי וֶוערְט דָארְט אוֹיךְ גֶעפִיהרְט, דָאס נִיט אַלֶעמֶען אִיז גְלַייךְ, רְשָׁעִים וֶוערִין בֶּעשְׁטְרָאפְט, אוּנ צַדִיקִים נֶעמֶען שְׂכַר.

אַז מֶען קָאן נִיט פַארְשְׁטֶעהֶען דֶעם גַאנְצֶען גַאנְג פוּן דֶער נַאטוּר וֶועלְכֶע מֶען זֶעהט מִיט דִי אוֹיגִין, קָאן מֶען שָׁאהן גְלוֹיבֶּען אַלֶע נִיסִים וָואס אִיבֶּער דֶער נַאטוּר, בַּיי דֶעם בּוֹרֵא אִיז דָאךְ פִּיל גְלַייךְ נַאטוּר צוּ אִיבֶּער נַאטוּר.

# אֱמוּנַת הַתּוֹרָה.

מָה אֱנוֹשׁ כִּי תִזְכְּרֶנּוּ וגו' תַּמְשִׁילֵהוּ
בְּמַעֲשֵׂי יָדֶיךָ כֹּל שַׁתָּה תַחַת רַגְלָיו.

## א.

אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם הָאט בֶּעטְרַאכְט אַלֶע בְּרוּאִים אוֹיף דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען דָאס דִי לֶעבֶּעדִיגֶע בְּרוּאִים צוּ טְהֵיילֶען זִיךְ אִין דְרַיי אַבְּטְהֵיילוּנְגֶען,

עֶס אִיז דָא אֵיין מִין בְּרִיָּה נוּר פוּן אֵיין גֶעגֶענְשְׁטַאנְד, אֵיין גֵייסְטְלִיכֶער קְרַאפְט, זֶעהֶער אַ אֵדֶעלֶע זַאךְ, אַ רֵיינֶער שֵׂכֶל, דֶער מִין וֶוערְט נִיט קְלִיגֶער נִיט פְרִימֶער, נִיט בֶּעסֶער, נִיט עֶרְגֶער, נוּר אִימֶער אִין אֵיין שְׁטַאנְד, דָאס אִיז [מַלְאָכִים, שְׂרָפִים, אוֹפַנִּים, חַיּוֹת הַקֹּדֶשׁ, מְשָׁרְתֵי עֶלְיוֹן].

עֶס אִיז אוֹיךְ ווִידֶער דָא אַמִין בְּרִיָּה וָואס זִי אִיז אַיין צוּזַאמֶען גֶעשְׁטֶעלְטֶע פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע יְסוֹדוֹת, קֶערְפֶּערְלִיךְ, אוּנ הָאבֶּען נִיט קַיין גֵייסְטְלִיכֶען קְרַאפְט, דָאס אִיז [בְּהֵמוֹת, חַיּוֹת, עוֹפוֹת, שְׁרָצִים, דָגִים].

אַ דְרִיטֶע בְּרִיָּה אִיז דָא דֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער מִצַּד הַגַּשְׁמִי, דָאס הֵייסְט פוּן

קערפּערליכען זייט איז ער גלייך מיט אַללע קערפּערליכע בּרואים, אויך אַ צו־זאַמען־געשטעלטער פון פערשידענע יסודות.

דער מענש מיט די מיני בּרואים זיינען נאר גלייך אין דער נאַטור, וואס עס פּאַרערט צום קערפּער. אונ אַ גייסטליכען פערשטאַנד האט דער מענש גלייך מיט די מלאכים ער איז זעהער קלוג אונ גייסטליך, זיין אויג טראַגט ווייט, דאס איז די נשמה. פון דעם אַללעם האט אברהם פערשטאַנען דאס די כּונה פון דער בּריאה איז, דאס דער מענש דאַרף אַרבּייטען מיט דעם נפש אין גייסטליכע זאַכען „חכמה”. אונ מיט דעם גוף דאַרף ער אַרבּייטין אין וועלטליכע זאַכען. דער קערפּער מוז אָבער אימער נאך דעם שׂכל נאך גיין, דאס הייסט דער מענש מוז יעדער זאַך טאהן מיט איין רעגענונג.

ב.

מיט וואס איז מען אָבער דיבער אז דער שׂכל וועט ניט פאר פיהרען דעם קערפּער אין דער שלעכטער זייט, ווי מען זעהט אָפט מאהל דאס דער שׂכל פאַרקריבט, צב״ש דעם שׂכל טראַגט אוים אַ פּלאַן צו גנבנ׳ען אָדער איין אַנדער עוולה טאהן, אונ דער קערפּער מיט זיינע אברים פּאָלגען, די פים גייען, די הענד נעמען. האט אברהם ווידער אוים גירעכינט ווי אין מענשין געפינט זיך די גאַנצע געטליכע בּריאה, אין איהם געפינט זיך די כּוחות פון דער וועלט, ווי דער הייליגער רמב״ם ערקלערט [1], אונ נאר איינפאך קאן מען פאר־גלייכען דעם מענש מיט דער וועלט, די אויג איז ווי די זונן. דער אויהער רוישט ווי די וואַלען פון ים, דער לונג אין קערפּער ווי דער אַויר. די האַרץ פּלייצט מיט בּלוט איבער דעם קערפּער ווי די וואַסערין איבערַאל. די אשה שוואַנגערט אונ געבּאָרט אַ קינד, ווי די ערד האט אויך אין זיך איין בּעשטימטע צייט אַרוים צו געבין איהרע פּרוכט.

אויך געפינט זיך אין מענשען דער נאַטור פון אַללע מיני בּרואים, כּשרה אונ טריפה, טהורים אונ טמאים, גוטע אונ שלעכטע. ווי מען זעהט בּאמת דאס עס איז דאַ פערשידענע נאַטורען בּיי מענשען, אונ אַנדערע האָבען נאר דעם נאַטור פון די ווילדע טהיר. — דאַרום רופען אָן די חכמים דעם מענש עולם קטן, קליינע וועלטיל, וועיל ער האט אין זיך די נאַטור פון דעם עולם גדול, די גרויסע וועלט.

די בּריאה דער מענש האט פאַר זיך צוויי וועגין, ער קאן אַרבּייטין דורך גוטע מעשׂים אונ גליקליך מאַכען די וועלט, אונ מיט זיינע שלעכטע מעשׂים קאן ער ווידער אומגליקליך מאַכען די וועלט, דער לעבּען אונ דער טוידט איז אין קראַפט פון זיין צונג. וואו ער וואַרפט זיין אויג מאַכט ער אַ רושם

1) מ״נ פרק עב.

זַיין הַאַרְץ ווייל אִין זִיךְ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אַרַיין גֶעהמֶען, אונ דֶער מֶענְש הָאט פַאר זִיךְ אַ פְּרַייֶע וֶועלְט אַלֶעס אונְטֶער זַיין שׁוּטְץ וֶועלְכֶע קֵיינֶער הַאלְט אִיהם נִיט צוּ, אַלְזָא הָאט אַבְרָהָם פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס עֶס מוּז זַיין אַ תּוֹרָה וָואס זָאל רֶעגִירִין אִיבֶּער אִיהם, עֶר זָאל זַיין גֶעצַאמְט אויף יֶעדֶער טְרִיט, אויף יֶעדֶער בְּלִיק, וֶועלְכֶע זִיא זָאל אִיהם אוים בִּילְדִין, עֶר זָאלל בְּרֶעכִין דִי נַאטוּר פוּן דִי שְׁלֶעכְטֶע זִיטִין, נִיט צוּ וֶועלִין, נִיט צוּ טָאהן, דִי זַאךְ וָואס נִיט רֶעכְט אִיז.

## ג.

אַבְרָהָם הָאט אַרוּם גֶעטְרַאכְט דִי נַאטוּר פוּן אַלֶע בְּרוּאִים מִיט זַייעֶרֶע אִינֶערְלִיכֶע אֵבָרִים, הָאט עֶר שָׁאהן פֶערְשְׁטַאנֶען וֶועלְכֶעס כָּשֵׁר אִיז, אונ וֶועלְכֶעס עֶס אִיז טְרֵייף, עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען דִי נַאטוּר פוּן אַלֶע מִינֵי בְּרוּאִים לֶעבֶּעדִיגֶע אונ נִיט לֶעבֶּעדִיגֶע, וִוי יֶעדֶער זַאךְ וַואקְסְט אונ עֶקְזִיסְטִירְט נָאךְ זַיין מִין נָאךְ, הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַלֶע מִצְוֹת פוּן כִּלְאַיִם בַּיי פְּרוּכְט אונ בְּהֵמוֹת, אונ שַׁעַטְנֵז פוּן קְלֵיידֶער, דָאס עֶס טָאר קֵיין פַארְמִישׁוּנְג נִיט זַיין, אונ הָאט אויךְ דֶער פוּן פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם אִיסוּר פוּן כִּשׁוּף.

אַבְרָהָם אִיז קְלָאהר גֶעוֶועזֶען דִי נַאטוּר פוּן מֶענְשׁ אונ דִי נַאטוּר פוּן אַלֶע בְּרוּאִים, הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען וֶועלְכֶעס דֶער מֶענְשׁ מָאג אונ וֶועלְכֶעס נִיט, וַוייל דֶער בּוֹרֵא הָאט אַרַיין גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער נַאטוּר, דָאס דִי פְּלִיכְטִין וָואס דֶער מֶענְשׁ דַארְף הִיטֶען מִיט זַיין פֶערְשְׁטַאנְד טוּהט זִיךְ דִי נַאטוּר בַּיי דִי בְּרוּאִים פוּן זִיךְ, וִוי דִי גְּמָרָא זָאגְט גֶּזֶלָה פַארְשְׁטֶעה אִיךְ פוּן מוּרַאשְׁקֶעס, עֲרָיוֹת פוּן דִי טוֹיבּ, צְנִיעוּת פוּן דִי קַאץ, אונ נָאךְ פִיל וִוי דִי נַאטוּר פָארְשֶׁער עֶרְקְלֶערִין.

עֶר הָאט בֶּעטְרַאכְט דִי חוּשִׁים פוּן מֶענְשֶׁען, וִוי גִיפֶערְלִיךְ זֵיי זַיינֶען אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער זַייט, הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דֶער מֶענְשׁ מוּז שְׁטֶעלֶען שׁוֹמְרִים אַרוּם זִיךְ, אִיהם צוּ הִיטִין וואוּ עֶר גֵייט וואוּ עֶר שְׁטֶעהט, אונ הָאט פַארְשְׁטַאנֶען דִי סְגוּלָה פוּן מִצְוַת צִיצִת, זִיא קָאן אִיהם הִיטִין אִין גַאס. מְזוּזָה הִיט אִיהם דִי אויפ־פִיהרוּנְג פוּן הויז, אִידִישׁ. דִי תְּפִלִּין קָאן הִיטִין דִי הַאַרְץ מִיט דִי קָאפּף, וָועלְכֶע זֵיי בֵּיידֶע הָאבִּין אֵיין פֶערְבִּינְדוּנג צוּ פִיהרֶען דֶעם מֶענְשֶׁען.

אַזוֹי הָאט עֶר עֶרְקְלֶערְט דִי גַאנְצֶע תּוֹרָה אַלֶע תרי"ג מִצְוֹת, דָאס אִיז צְוֵויי הוּנְדֶערְט אַכְט אונ פֶערְצִיג מִצְוֹת עֲשֵׂה וֶועלְכֶע אַ אִיד אִיז מְחוּיָב צוּ טָאהן אונ דְרַיי הוּנְדֶערְט פִינְף אונ זֶעכְצִיג לֹא תַעֲשֶׂה וֶועלְכֶע אַ אִיד אִיז מְחוּיָב צוּ הִיטִין דָאס נִיט צוּ טָאהן, דָאס אִיז גֶעגִין דִי 248 גְלִידֶער וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין מֶענְשׁ. אונ גֶעגִין דִי 365 טֶעג וָואס עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין יָאהר[1]. וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעפִילְט דָאס דֶער פְּפְלִיכְט פוּן מֶענְשֶׁען צוּ גָאט, לִיגְט אויף אַלֶע זַיינֶע אֵבָרִים, אִין אַלֶע צַייט נִיט אָבּ צוּ טְרֶעטִין אֵיין שְׁרִיט פוּן דֶעם דֶרֶךְ הַתּוֹרָה.

---

1) סוף מס' מכות.

## ד.

אַז עֶר אִיז דֶערְגַאנְגֶען דִי תּוֹרָה אוּנ דִי נַאטוּר פוּן דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר דַאן פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס דֶער תַּכְלִית פוּן אַלֶע בְּרוּאִים אִיז דֶער מֶענְשׁ. וֶוען? אַז עֶר אַרְבֵּייט אִין דֶער וֶועלְט נָאךְ דֶער תּוֹרָה, דַארוּם אִיז עֶר גֶעבּוֹיט פוּן דִי בֵּיידֶע גֶעגֶענְשְׁטֶאנְדֶע, פוּן דִי הֶעכְסְטֶע בְּרִיָה מַלְאָךְ, בִּיז דִי נִידֶערִיגְסְטֶע בְּרִיָה דֶער וֶוערֶעמִיל, עֶר זָאל זִיךְ קֶענֶען קֶערִין אִין וָואס פַאר אַיין וֶועג עֶר ווִיל, עֶר זָאלל אִימֶמֶער אִין זִיךְ הָאבֶּען דִי מִלְחָמָה אוּנ מְנַצֵחַ זַיין. דַאן אִיז דֶער אֶמֶת'ֶער תַּכְלִית. אוּנ נָאךְ זַיין אויף־פִיהרוּנג אִין דֶער תּוֹרָה גֵייט נָאךְ דִי נַאטוּר פוּן דֶער וֶועלְט, ווִי עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה, וֶועסְט דוּ הִיטִין דִי תּוֹרָה וֶועסְט דוּ הָאבִּין בְּרָכָה. וֶועסְט דוּ נִיט הִיטִין וֶועסְט דוּ הָאבֶּען קְלָלָה.

דִי תּוֹרָה הֵייסְט דֶער נֶפֶשׁ פוּן דֶער וֶועלְט. אַזוֹי ווִי דֶער קֶערְפֶּער לֶעבְּט נִיט אָהן דֶעם נֶפֶשׁ, אַזוֹי קָאן דִי וֶועלְט נִיט עֶקְזִיסְטִירִין אָהן דֶער תּוֹרָה, אוּנ אַזוֹי ווִי דִי וֶועלְט בֶּעשְׁטֶעהט אִין דֶעם, דָאס אַלֶעס מוּז גֶעאַרְבֵּייט ווֶערִין, קַיין פַארְטִיגֶע בְּרוֹיט אוּנ קְלֵייד אִיז נִיטָא, מֶען מוּז אַקֶערִין, פְלַאנְצֶען, זֵייֶען, אוּנ זָא ווַייטֶער. דִי זְרִיעָה אִיז נוּר אַ קְרַאפְּט, אוּנ דֶער פוּן קוּמְט אַרוֹיס צְווַייגִין, בְּלֶעטֶער, אוּנ פְרוּכְט. אַזוֹי אִיז דִי תרי"ג מִצְוֹת נוּר גְרוּנְד כְּלָלִים, אוּנ אִיבֶּערִיגְס דַארְף יֶעדֶער אִיד הָארֶעוֶוען צוּ ווֶעלֶען פַארְשְׁטֶעהֶען דִי תּוֹרָה, דָאס הֵייסְט לֶערְנֶען גְמָרָא אוּנ פוֹסְקִים, ווֶעלְכֶעס זִיא הֵייסְט תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה. אַ בֶּעשֵׁיידוּנְג אויף תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב. דַארוּם הָאט אַבְרָהָם מְקַיֵים גִיוֶוען פוּן זִיךְ אֲפִילוּ אַלֶע מִצְוֹת דְרַבָּנָן, ווֶען אויךְ אַז פַאר מַתַּן תּוֹרָה, אִיז מֶען נִיט מְחוּיָב גֶעווֶען צוּ הִיטִין דִי תרי"ג מִצְוֹת.

## ה.

דַארוּם הָאט גָאט נִיט גֶעגֶעבִּין קַיין פַארְטִיגֶע וֶועלְט, אוּנ קַיין פַארְטִיגֶע תּוֹרָה אוֹיס גֶעשְׁרִיבֶּען בִּיז שׁוּלְחָן עָרוּךְ, בִּכְדֵי דֶער מֶענְשׁ זָאל הָארֶעוֶוען מִיט בֵּיידֶע כּוֹחוֹת, גוּף אוּנ נְשָׁמָה, אִין דֶער וֶועלְט אוּנ אִין דֶער תּוֹרָה 1), ווִי מִיר הָאבֶּען גִירֶעדְט.

דֶער צֶענְטְרַאלְנֶער אָרְט וואוּ מֶען זָאל קָאנֶען אויסְהִיטִין דִי גַאנְצֶע תרי"ג מִצְוֹת, הָאט דֶער בּוֹרֵא אוֹיס־עֶרְווֵיילְט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מִיט דִי הֵיילִיגֶע רֶעזִידֶענְט שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם מִיט דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, דָארְט אִיז נוֹהֵג אַלֶע מִצְוֹת וָואס אִיז אָב הַאנְג אַן דִי עֶרְד. אויךְ טוּמְאָה אוּנ טַהֲרָה, קָדָשִׁים אוּנ קָרְבָּנוֹת. דַארוּם אַז אִידִין הָאבֶּען נִיט גֶעהִיט דִי תּוֹרָה אוּנ מִצְוֹת, אִיז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ חָרוּב גֶעווָארֶען, אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט זֵיי אַרוֹיס גֶעווָארְפִין, ווַייל עֶס אִיז נִיט גֶעוֶוען רִיכְטִיג דֶער צוּ זַאמֶען בּוּנְד פוּן דִי לַאנְד, מִיט אִידִין, מִיט דֶער תּוֹרָה.

---

1) זהו שפי' רש"י אם בחקתי תלכו שתהיו עמלים בתורה.

ו׳

אַבְרָהָם איז גָאךְ גִיט יוֹצֵא גִיוָעֶן וָואס עֶר איז אַלַיין דֶער גַאנְגֶען דֶעם אֶמֶת, עֶר אונ זַיין פְרוֹי שָׂרָה, הָאבֶען נָאךְ גֶעזוּכְט גְרוֹיס צוּ מַאכֶען גָאטֶעס נָאמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, דָאס אַלֶע זָאלֶען וִויסִין אַז עֶס איז דָא אַ גָאט, עֶר הָאט דוּרְךְ דֶעם פִיל גֶעלִיטֶען, מֶען הָאט אִיהם גֶעוָוארְפֶען אִין אוּר כַּשְׂדִים, אונ עֶר הָאט זִיךְ פֶּעסְט גֶעהַאלְטִין בַּיי זַיין גֶעדַאנְק, אונ איז נִיט פֶערְמִידֶעט גֶעוָוארִין בִּיז גָאט הָאט אִיהם גֶעהָאלְפֶען.

מִיט אַבְרָהָם הָאט גָאט כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶוען, אִידִין זָאלֶען גֵיין אִין זַיין וֶועג, זַיי זָאלִין בֶּעלַייכְטִין דִי וֶועלְט, דוּרְךְ זַיי זָאלל וֶוערִין גְרוֹיס גָאטֶעס נָאמֶען, זַיי זָאלֶען אוּמְבְּרֵיינְגֶען דִי גֶעצֶענ־דִינְסְט פוּן דֶער וֶועלְט, דֶער מִיט וָואס זַיי וֶועלִין זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט דִי תּוֹרָה, אונ וֶועט זַיי גֶעבִּין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

דַאפִיר איז דֶער אִידֶעשֶׁער גְלִיק הֶעכֶער אִיבֶּער דֶער נַאטוּר, אונ בֶּעהִיטֶע גָאט זַייעֶר אוּמְגְלִיק איז אוֹיךְ אוּמְנַאטִירְלִיךְ, וַוייל דָאס וֶוענְדְט זִיךְ אִימֶער וִוי זַיי בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ אִין דֶער תּוֹרָה אונ אִין הִיטִין דִי מִצְוֹת, עֶס זָאל דוּרְךְ זַיי אַרוֹיס קוּמֶען אַ קִדוּשׁ הַשֵּׁם, אָבֶּער גִיט חָלִילָה קֵיין חִילוּל הַשֵּׁם, וִוי דִי גְמָרָא זָאגְט 1) אִידֶעשֶׁער נַאצְיָאן איז גֶעגְלִיכֶען צוּ שְׁטֶערִין אונ צוּ עֶרְד, נָאךְ זַייעֶר וֶוערְדֶע וִוי זַיי פַארְדִינֶען. וֶוען זַיי שְׁטַייגֶען, שְׁטַייגֶען זַיי גַאנְץ הוֹיךְ, וֶוען זַייא פַאלֶען חָלִילָה, פַאלֶען זַיי גַאנְץ גִידֶעריג.



# נִסְיוֹנוֹת.

## א.

דֶער בּוֹרֵא הָאט גֶעפְּרוּבְט אַבְרָהָם׳ן מִיט צֶעהֶען נִסְיוֹנוֹת אונ איז בַּיי אַלֶע בַּיי גֶעשְׁטַאנֶען, דֶער גְרֶעסְטֶער נִסָיוֹן איז גֶעוֶוען דִי עֲקֵידָה, קוֹים וָואס עֶר הָאט דֶער לֶעבְט אַקִינְד צוּ הוּנְדֶערְט יָאהר, אונ גָאט הָאט אִיהם צוּ גֶעזָאגְט דָאס פוּן דֶעם קִינְד וֶועט אַרוֹיס אַ גַאנְצֶע וֶועלְט, פְּלוּצִים הֵייסְט עֶר אִיהם גָאר שֶׁעכְטִין. וֶוען אַבְרָהָם וָואלְט נִיט גֶעפָאלְגְט וָואלְט עֶר דָאךְ אוֹיךְ גֶעוֶוען עֶהרְלִיךְ, עֶר הָאט דָאךְ גֶעהַאט פַאר זִיךְ אַ תִּירוּץ דִי פְרִיגֶע הַבְטָחָה, אָבֶער אַבְרָהָם, וֶוען אוֹיךְ עֶר הָאט גֶעדִינְט גָאט מִיט דֶעם שֵׂכֶל, דָאךְ דִי זַאךְ וָועלְכֶע עֶר הָאט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען מִיט זַיין שֵׂכֶל הָאט עֶר אוֹיף זַיין שֵׂכֶל גִיט גֶעשְׁטֶעלְט נוּר גֶעגְלוֹיבְּט, וַוייל וֶוער

1) מגילה ח.

קאן נאך־פארשען די געטליכע חכמה? אונ קיין קשיות אויף דער אמונה דארף מען ניט פרעגין.

דעם יסוד פון דער אמונה האט אונז איין געפלאנצט דער פאטער אברהם. ווען דער בורא פרובט אונז מיט נסיונות, ווען עס איז אפילו נוגע אין לעבין, אונ נאך מעהר, ווען עס קומט נאר אוים געגען דעם מענשענס שכל, מוז מען זיך אלם האלטין ביי דער אמונה.

## ב.

יצחק האט אונז איין געפלאנצט אמונת חכמים, דאס די זאך וואס מען הערט פון א בעגלויבטען מענשין איז פיל גלייך ווי מען זעהט אונ מען הערט זעלבסט, אונ מען מוז זיך איבער דעם מוסר נפש זיין. יצחק האט דאך ניט געהערט פון גאטעס מויל, ניט מעהר דער פאטער האט איהם געזאגט, האט ער דאך איהם געקאנט ניט גלויבען. דאס איז אבער דער גאנצער יסוד פון דער אמונה, קינדער זאלען גלויבען די עלטערין אונ די פאר עלטערין ביז ארויף, ביז קבלת התורה אויף דעם בארג סיני, וואס יעדער איד איז זיך מחויב פאר־צו־שטעלין ווי ער זעלבסט איז ארוים פון מצרים, אונ גענומען די תורה, ווייל די עלטערין זיינען ביי אונז בעגלויבט.

יעקב האט אין אונז איין געפלאנצט די מדה פון בטחון, א איד זאלל אימער האפין צו גאט, ווי שלעכט איהם איז, אונ גאט וועט איהם געוויס ענטפערין, יעקב איז געלאפען פון עשו'ן אונ געגאנגען צו לבן, ער האט זיך אבער פארזיכערט מיט דעם האפנונג, ווייל דאס איז דער רצון הבורא, ווי דער פארזאג פון זיינע עלטערין, אונ גאט האט איהם געענטפערט. דאס טרייסט אונז אין אללע צייטען, ווען אויך מיר טרייבען זיך ארום פון איין ארט אויף דעם צווייטען, גאט וועט אונז דאך העלפען.

---

# יוסף.

וַיִּשְׁלָחֵנִי אֱלֹהִים לִפְנֵיכֶם לָשׂוּם לָכֶם שְׁאֵרִית בָּאָרֶץ וּלְהַחֲיוֹת לָכֶם לִפְלֵיטָה גְדֹלָה.
(בראשית מה ז)

## א.

דער בורא גרייט אן פריער וואס שפעטער דארף זיין, אידין האבען געדארפט זיין אין מצרים, עס זאלל דורך זייא גרויס ווערין גאטעס נאמען, איז יוסף געוועזען דער ערשטער שליח. גאטט האט פארשטעלט די אויגין פון די שבטים,

זַיי הָאבֶּען אִימֶער גִירֶעכִינְט יוֹסֵף'ן אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער זַייט בִּיז עֶר אִיז גָאר פַארְקוֹיפְט גֶעוָוארֶען פַאר אֵיין שְׁקְלַאף אִין מִצְרַיִם.

יוֹסֵף הָאט אוּנְז אוֹיס־גֶעטְרָאטֶען אַ וֶועג אִין דֶער אֱמוּנָה מִיט שְׁטֶענְדִיגֶע נִסְיוֹנוֹת. אַ אִיד זָאל אִין זִיךְ הָאבֶּען בְּכֹחַ צוּ בְּרֶעכִין דִי נַאטוּר, אוּנ וואוּ עֶר אִיז אִין וָואס פַאר אַ לַאגֶע עֶר גֶעפִינְט זִיךְ, עֶר מָאג אֲפִילוּ זַיין אֵיין אִיד אִין דֶער מְדִינָה, נָאךְ מֶעהר וֶוען מֶען יָאגְט אִיהם אֲפִילוּ, דַארְף עֶר אַלְס אַ אִיד בְּלַייבֶּען, נִיט שְׁוַואכֶער וֶוערִין אִין דֶער אֱמוּנָה, אוּנ נִיט אָב טְרֶעטִין אֵיין הָאר פוּן דַת, דֶען מִיר זָאלֶען בֶּעטְרַאכְטִין דִי בִּיאָגְרַאפְיֶע פוּן יוֹסֵף'ן, עֶר אִיז פַארְקוֹיפְט אִין אַ פְּרֶעמְדֶע אַ טְרֵפָה לַאנְד, אוּנ אִיז דָארְט נוּר אֵיין אִיד, עֶר הָאט נִיט פַאר־וֶועמֶען צוּ שֶׁעמֶען זִיךְ. שֵׁיין אִיז עֶר גֶעוֶועֶן וִוי דִי לִיכְטִיגֶע זוּנְן, אוֹיף דִי מוֹעֶרִין פוּן מִצְרַיִם אִיז מֶען גֶעקְרָאכֶען קוּקִין אוֹיף זַיין שֵׁיינְקַייט, אָן רֵייזֶער צוּ שְׁלֶעכְטֶעס הָאט אִיהם אוֹיךְ נִיט גֶעפֶעלְט. נָאכְמֶעהר וֶוען עֶר אִיז שָׁאהן גֶעוֶועֶן מִנִיסְטֶער, אִיז עֶר גֶעוֶועֶן דֶער זֶעלְבֶּער אִיד וִוי דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג פוּן זַיין אַוֶועק גֵיין פוּן פָאטֶער. דָאס הָאט אוּנְז גֶעגֶעבִּין אֵיין כֹּחַ אַ יְסוֹד אִין דֶער אֱמוּנָה. דָאס אִין אַלֶע צַייטֶען וֶוען אִידִין וֶועלִין מְטוּלְטָל זַיין בִּזְמַן הַגָּלוּת. זָאל אוֹיף זַיי נִיט מַאכֶען קֵיין אַיינְדְרוּק דִי אֶרֶעמְקַייט. אִיבֶּער דִי שְׁטִיקִיל בְּרוֹיְט חָלִילָה מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין אָדֶער עֶסֶען טְרֵפוֹת. אוּנ קֵיין גְרוֹיסֶע רַייכְטְהוּם זָאל נִיט מַאכֶען קֵיין אַיינ־דְרוּק צוּ בֶּעקוּמֶען פְרַייֶע דֵעוֹת. אוּנ בֶּעהִיטֶע גָאט פֶערְלָאזִין דֶעם דַת.

## ב.

אַזוֹי הָאבִּין זִיךְ גֶעפִירְט יְחִידֵי סְגוּלָה דִי אָבוֹת מִיט דֶעם אֵייגֶענֶעם גֶעטְלִיכֶען שֵׂכֶל בֶּעפָאר מֶען הָאט נָאךְ גֶעגֶעבֶּען דִיא תּוֹרָה, דֶער בּוֹרֵא הָאט אָבֶער גֶעוָואלְט גֶעבֶּען דִי תּוֹרָה צוּ אַלֶע אִידִין הָאט עֶר זַיי פְרִיהֶער גֶעוִויזֶען מִיט פְּרַאקְטִיק, וָואס דָאס אִיז שְׁטַארְקֶער פַאר דֶעם שֵׂכֶל, אַז מֶען מוּז הָאבֶּען אַ תּוֹרָה, אוּנ מִיט דֶעם אֵייגֶענֶעם שֵׂכֶל טָאר מֶען שָׁאהן מֶעהר נִיט גֵיין, נוּר נָאךְ גֵיין נָאךְ דֶעם שֵׂכֶל פוּן דֶער תּוֹרָה, אוּנ וֶוען עֶס זָאלֶען אֲפִילוּ צוּ זַאמֶען קוּמֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט חֲכָמִים, טָארֶען זַיי נִיט אוּם מַאכֶען אֲפִילוּ דֶעם זְמַן פוּן יֶעדֶער מִצְוָה וִוי דִי חֲכָמִים פוּן תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה הָאבִּין אָב־גִישְׁטֶעלְט, וִוי עֶס אִיז מְבוֹאָר אִין שׁוּלְחָן עָרוּךְ.

דַארוּם הָאט זַיי דֶער בּוֹרֵא אַרַיין גֶעפִירְט אִין מִצְרַיִם, דָארְט זָאלִין זַיי זֶעהֶען מִיט זַייעֶרֶע אוֹיגִין דִיא גְרוֹיסְקַייט אוּנ דִיא יְכוֹלֶת פוּן בּוֹרֵא, אַיין צוּ־פְּלַאנְצֶען אִין זַייא דִיא גַאנְצֶע אֱמוּנָה וִוי פִיל אַ אִיד דַארְף גְלוֹיבֶּען.

דֶער עֶרְשְׁטֶער יְסוֹד פוּן אֱמוּנָה הָאט מֶען זִיךְ גֶעקוֹיפְט אִין מִצְרַיִם הַשְׁגָחַת הַבּוֹרֵא, מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס קֵיין מֶענְשׁ ווֵייס נִיט וָואס הִינְטֶער אִיהם אִיז,

אין דער צייט וואס פּרעה האט אָנגיוועגדעט אַללע מיטלען אום צו בּריינגען דעם אידישען העלפער, האט איהם גאר זיין אייגענע טאָכטער אַרויסגענומען, אונ פּרעה האט איהם אויף זיין האנד ערצויגען.

# גְאוּלַת מִצְרַיִם.

וַיַאֲמִינוּ בַּה' וּבְמשֶׁה עַבְדוֹ.

## א.

אין מצרים האבען זיך אידין געשאפט די אמונה אין בורא אונ אין זיינע חכמים. אידעשע אמונה בעשטעהט ניט אין מופתים, דאס הייסט ווייל מען זעהט אַ מופת דאפיר גלויבט מען, ניין! די אידין האבען משה'ן אויך ניט געוואָללט גלויבען דורך זיינע מופתים ביז זיי האבען פון דער זייט דער גאנגען דעם אמת, זיי האבען געוואוסט אז עס איז דא אַ בעהאלטענער סוד, איין סימן פון דער גאולה וואס יעקב האט איבער געלאזט אין מצרים. דעם סימן האט קיינער ניט געוואוסט נור איין פרוי סרח בת אשר[1] וואס זיא האט גילעבט ביז נאך דער גאולה, ווען משה איז געקוממען זיינען די זקנים געגאנגען צו די אלטע סרח, איבער געבען איהר, אזוי ווי עס איז געקוממען איינער וואס זאגט אז ער איז דער גואל אונ ווייזט מופתים. ענטפערט זיא זייא מופתים איז קיין סימן ניט. זאגען זיי ער זאגט אבער פקד פקדתי. זאגט זיא אויב אזוי איז ריכטיג ער איז דער גואל צדק, ווארום איך האב בקבלה אַ סוד פון מיין פאטער דאס מיט די אותיות פ' פ' דארף זיך אנפאנגען די ווערטער פון דער גאולה, וואס גאט האט דאס געזאגט צו אברהם'ן, אברהם האט איבער גיגעבין צו יצחק'ן, יצחק צו יעקב'ן, יעקב צו יוסף'ן, יוסף די ברידער, אונ מיין פאטער האט איבער גיגעבין צו מיר. — דאן האבען זיי געגלויבט אז משה זאגט ריכטיג.

אין אלע צייטין דארף מען קיינעם ניט האלטין פאר א צדיק דורך מופתים וואו מען זאל ניט וויסען דעם מענשין אינערליך מיט זיינע מדות, דאן קאן מען גלויבען דאס זיין ווארט קאן ווירקין, גאט זאל איהם צו הערין.

## ב.

אז אידין האבען ניט געוואלט גלויבען קיין מופתים ארוים צו גיין פון ביטערין גלות מצרים, איז דאך געווים אז זיי וואלטין ניט געגלויבט משה'ן

1) פרקי דר"א פרק מח עיי"ש.

ארויף גֶעמֶען אויף זיך אַ תּוֹרָה אויף עֶוִויג, וואו זֵיי זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אויגֶען, אונ הֶערִין מִיט זֵייעֶרֶע אויהֶערִין דֶעם רִיכְטִיגֶען אֱמֶת.

דַארום שְׁטֵייט נִיט אִין דֶער תּוֹרָה אוים־גֶעשְׁרִיבֶּען דַייטְלִיךְ וִוי עֶס פַּאסִירְט מִיט דֶעם מֶענְשֶׁען נָאךְ זַיין טויט, אַז מֶען שְׁטְרָאפְט פַאר אַ עֲבֵירָה אונ מֶען גִיט שָׂכָר פַאר אַ מִצְוָה, ווייל דִי תּוֹרָה הָאט גֶעוָואלְט מֶען זָאל דֶערְגֵיין דֶעם אֱמֶת אויף דֶער וועלְט וָואס מֶען קאן זֶעהֶען אונ הֶערִין, אָבֶּער נִיט אַ אַפִּיקוֹרוֹס זָאל קאנֶען זָאגֶען, קֵיינֶער אִיז נִיט גִיקוּמֶען זָאגֶען פון יֶענֶער וֶועלְט. נור אַז עֶס אִיז דָא נָאךְ אַ וֶועלְט מִיט שָׂכָר וְעוֹנֶשׁ אונ תְּחִיַּת הַמֵּתִים, הָאט דִי תּוֹרָה בִּכְלָל מְרַמֵּז גֶעוֶוען 1).

דַארום פַאר קַבָּלַת הַתּוֹרָה הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע אִידִין צו־זַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען בַּיי דֶעם בַּארְג סִינַי גֶעהמֶען דִי תּוֹרָה. אונ נִיט גֶעהמֶען בַּיי משֶׁה'ן שְׁטִיקֶערְהֵייט אַ תּוֹרָה, נור זֵיי הָאבִּין גֶעזֶעהֶען אונ גֶעהֶערְט וִוי גָאט הָאט גִימַאכְט משֶׁה'ן פַאר אַ שָׁלִיחַ, אונ הָאבֶּען קֵיינֶע סְפֵקוֹת גֶעהַאט.

# קַבָּלַת הַתּוֹרָה.

רַק הִשָּׁמֶר לְךָ וּשְׁמֹר נַפְשְׁךָ מְאֹד פֶּן תִּשְׁכַּח אֶת הַדְּבָרִים אֲשֶׁר רָאוּ עֵינֶיךָ וּפֶן יָסוּרוּ מִלְּבָבְךָ כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ וְהוֹדַעְתָּם לְבָנֶיךָ וגו'.
דברים ד ט

אֶת הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה דִּבֶּר ה' אֶל כָּל קְהַלְכֶם בָּהָר מִתּוֹךְ הָאֵשׁ הֶעָנָן וְהָעֲרָפֶל קוֹל גָּדוֹל וְלֹא יָסָף וגו'.
(שם ה יט)

וְאַתָּה פֹּה עֲמֹד עִמָּדִי וַאֲדַבְּרָה אֵלֶיךָ אֵת כָּל הַמִּצְוָה וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר תְּלַמְּדֵם וגו'.
(שם ה כח)

## א.

אִידִין זַיינֶען אַרוים פון מִצְרַיִם אִין יָאהר 2448 נָאךְ בְּרִיאַת הָעוֹלָם, אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהר זֶעקְס טָעג אִין סִיוָן, שַׁבָּת, הָאט גָאט גֶעגֶעבִּין דִי תּוֹרָה אויף דֶעם בַּארְג סִינַי פַאר אַ עֶרֶךְ דְרַיי מִילְיָאן מֶענְשֶׁען, אויסֶער וָואס אַנְדֶערֶע נַאצְיָאנֶען הָאבֶּען גִיהֶערְט דֶעם רַעשׁ פון קַבָּלַת הַתּוֹרָה, אונ גָאט הָאט גֶעמַאכְט משֶׁה'ן פַאר אַ שָׁלִיחַ פַאר אִידִין אִין דִי אויגֶען צו גֶעבֶּען דִי תּוֹרָה, תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב אונ תּוֹרָה

1) זעה אין פ' יתרו ביי לא תרצח, ובגמ' שר לא נאמר אלא ישיר מכאן לתחה"מ מה"ת, ועוד.

שֶׁבְּעַל פֶּה. תּוֹרָה שֶׁבִּכְתַב הֵייסְט דִי סֵפֶר תּוֹרָה, תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה הֵייסְט דִי בֶּעשֵׁיידוּנְג פוּן דִי חֲכָמִים אוֹיף דֶער תּוֹרָה, ווִי דִי אִידִין הָאבֶּען אַלֵיין גֶעבֶּעטִין ווַייל זֵיי אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶוען צוּ הֶערִין דִי גַאנְצֶע תּוֹרָה פוּן גָאטְט אַלֵיין, זֵיי זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר פָּארְכְט.

דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג אִין סִיוָן אִיז מֹשֶׁה אַרוֹיף אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי נֶעמֶען דִי לוּחוֹת, אוּנ גָאט הָאט מִיט אִיהם גִילֶערִינְט גַאנְץ תּוֹרָה שֶׁבִּכְתַב מִיט תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה. — שִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז אִיז מֹשֶׁה אַרָאבּ, הָאט עֶר גִיפוּנֶען דֶעם פַאר־בְּרֶעךְ פוּן עֵגֶל, הָאט עֶר צוּ־בְּרָאכִין דִי לוּחוֹת.

אַכְטְצֶעהְן טֶעג 1) אִין תַּמּוּז אִיז עֶר ווִידֶער אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען בֶּעטִין פַאר אִידִין אוֹיף דֶעם פַארְבְּרֶעךְ פוּן עֵגֶל, אוּנ ווִידֶער גֶעזַאמְט פֶערְצִיג טֶעג, אוּנ אִיז אַרָאבּ אוּנ מְבַשֵּׂר גִיוֶוען דָאס דֶער בּוֹרֵא אִיז צוּ זֵיי בֶּעווִילִיגְט אוּנ וֶועט זֵיי גֶעבִין דִי צְוֵוייטֶע לוּחוֹת.

## ב.

עֶרֶב רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אֱלוּל אִיז מֹשֶׁה ווִידֶער אַרוֹיף גֶעהֶמֶען דִי צְווֵייטֶע לוּחוֹת אוּנ אִיז אַרָאבּ יוֹם כִּפּוּר, דָאס אִיז דִי דְרִיטֶע פֶערְצִיג טָאג, עֶר הָאט דָארְט נָאךְ אַ מָאהל גִילֶערִינְט דִי תּוֹרָה אוּנ גִיבֶּעטִין פַאר אִידִין, אוּנ גָאט הָאט זֵיי אִין גַאנְצֶען מוֹחֵל גִיוֶוען, דַארוּם אִיז בַּיי אִידִין פַארְבְּלִיבֶּען דִי פֶערְצִיג טֶעג דֶעם גַאנְצֶען חוֹדֶשׁ אֱלוּל בִּיז יוֹם כִּפּוּר בֶּעווִילִיגְטֶע טֶעג נֶעהְנְטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט צוּ וֶוערִין וֶוען מֶען בֶּעט בַּיי גָאט.

נָאכְהֶער הָאט מֶען אָנְגִיפַאנְגֶען צוּ מַאכֶען דֶעם מִשְׁכָּן מִיט דִי כֵּלִים, אוּנ מֶען הָאט גֶעמַאכְט אֵיין אָרוֹן בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד, דָארְט אִיז גִילֶעגִין דִי לוּחוֹת, פַארְטִיג גִיוָוארִין אִיז דֶער מִשְׁכָּן כ"ה כִּסְלֵו דָאס אִיז חֲנוּכָּה 2) אוֹיף גִישְׁטֶעלְט הָאט מֶען אִיהם רֹאשׁ חוֹדֶשׁ נִיסָן.

רש"י שְׁרַייבְּט אִין מַסֶּכֶת תַּעֲנִית, דָאס פוּן דֶעם זֶעכְּסְטִין טָאג אִין סִיוָן, ווִי מֶען הָאט גֶעגֶעבִין דִי תּוֹרָה בִּיז ר"ח נִיסָן ווִי דֶער מִשְׁכָּן אִיז אוֹיף גִישְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען, הָאט דִי שְׁכִינָה נִיט אָבּ גֶעטְרָאטֶען פוּן בַּארְג סִינַי אוּנ פוּן דָארְט אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארִין אַלֶע מִצְוֹת מִיט דִי דִינִים מִיט פַייֶערְדִיגֶע קוֹלֵי קוֹלוֹת.

מֹשֶׁה הָאט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דוּרְךְ דֶעם בַּאפֶעל פוּן גָאט, אַהֲרֹן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער פַאר כֹּהֲנִים, אוּנ דֶעם שֵׁבֶט לֵוִי פַאר לְוִיִּם אוֹיף עֶווִיג.

## ג.

ר"ח אִיָּר דֶער צְווֵייטֶער יָאהר פוּן אַרוֹיס גַאנְג פוּן מִצְרַיִם, הָאט מֶען גֶעצֵיילְט דִי פָאלְק אוֹיךְ דִי לְוִיִּם, אוּנ מֶען הָאט מְסַדֵּר גִיוֶוען דִי צְוֶועלְף שְׁבָטִים

1) ולרש"י תשא בי"ט. 2) פסיקתא,

פון יעדער שבט געמאכט א נשיא, אונ איין געטהיילט אין פיר מחנות. צו יעדער מחנה געגעבען א דגל [א פאן], ווי די היילינע ארדענונג איז אויס־געשריבען אין פ׳ במדבר. מען האט געמאכט חצוצרות [טראמפייטין], צו שאלין אויף צו־זאמלען דעם עולם פאר דעם אבריייזען. דער ארון איז געגאנגען פאראוים אונ משה האט אויס־געשריען ויהי בנסע הארון, אונ מען האט געמאכט די רייזע, דאס איז די ערשטע רייזע פון סיני קיין חצרות. אין דעם פארלויף האט פאסירט דער פאר־ברעך פון קברות התאוה, אונ דעם פארשליסין מרים זיבען טעג, ווייל זיא האט גירעדט אויף משה׳ן.

די רייזע האט געדויערט פון כ׳ איר ביז כ״ט סיון דעם יאהר [1] די רייזע איז געוועזען בעשטימט צו גיין גלייך אין ארץ ישראל [2], האט מען אבער דארט געשיקט מרגלים, זיי זיינען אוועק ניין אונ צוואנציג טעג אין סיון אונ געקומען תשעה באב [3]. דער פארברעך האט גורם גיוועזען צו ניין פערציג יאהר אין דער מדבר. נאך די מרגלים איז געשעהען די געשיכטע פון קרח.

# דור המדבר.

## א.

די פערציג יאהר זיינען אידין געגאנגען אין איין ארט פון שלאנגען עגדעשין אונ דארסט, האט זיי דער בורא געשפייזט מיט שפייז פון הימעל, וואסער פון שטיין, איין וואלקענזייל פאר א וועג־ווייזער. די זעלבע שיך אונ קלייד וועלבע זיי זיינען ארוים פון מצרים האט זיי אימער ווי נייע געדינט. מיט דעם מן איז אויך דימאנטין אונ בריליאנטין מיט געגאנגען [4].

דער מן ווייזט אז דער בורא שפייזט אומעדום מיט א מין השגחה וועלכע מיר פארשטעהען דאס גאר ניט [5].

דארט האט משה מיט זיי איין גילערנט תורה שבכתב מיט די תורה שבעל פה, דאס הייסט די תרי״ג מצות פון דער תורה, מיט די בעשיידונג, ווי ביי אונז איז היינט אב־גישטעלט ש״ס אונ פוסקים.

דער סדר הלמוד איז גיוועזען אזוי, צום ערשט האט משה גילערנט מיט אהרן דעם שיעור, נאכהער מיט אהרן׳ס קינדער, נאכהער מיט די זקנים, נאך דעם זיינען אריין אללע אידין, אונ משה האט פאר זיי גילערנט דעם שיעור. נאכהער האט אהרן גילערנט פאר דעם עולם, נאך איהם האבען זיינע קינדער

1) רש״י דברים א. 2) שם. 3) תענית כט. 4) מדרש בשלח. 5) זהו כונת המדרש צנצנת של זכוכית היתה פי׳ נראית לעולם הנס.

גילֶערינט מיט דֶעם עולָם, גָאךְ זַיי הָאבֶּען די זְקֵנים גילֶערינט מיט דֶעם עולָם, נִמְצָא אַז אַללֶע אידין הָאבֶּען גילֶערינט דֶעם פֶּרֶק פיר מָאהל.

נָאךְ דֶעם פְלֶעגין זַיי זיךְ ווידֶער צוּ־זַאמֶען קְלַייבֶּען קָאמְפַּאנִיֶעס, איבֶּער־לֶערְנֶען גוט צו גֶעדֵיינְקֶען וָואס זַיי הָאבֶּען גילֶערינט, בּיז זַיי זַיינֶען גוט קְלָאר גֶעוָוארִין די תּוֹרָה, צוּ ווִיסִין ווִי מְקַיֵּים צו זַיין די מִצְוֹת, ווִי בּיי אוּנְז איז הַיינְט מְסוּדָר אין פּוֹסְקִים.

דַארוּם איז בַּיי אוּנְז נִיט קַיין אוּנְטֶערְשַׁייד פוּן די זַאךְ וֶועלְכֶע עֶס שְׁטֵייט מְפוֹרָשׁ אין דֶער תּוֹרָה, צוּ אין דֶער גְמָרָא, אָדֶער אין שו"ע וָואס די קְוָועלֶע גֵייט פוּן דֶער גְמָרָא, ווַייל דָאס איז אַלֶּעם גְלַייךְ אַרוֹיס פוּן גָאטֶעס מויל צו משֶׁה'ן, ווִי דֶער רמב"ם רֶעכֶנְט אוֹיס, פֶערְצִיג מָאן פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ בּיז רַב אַשִׁי, דֶער לֶעצְטֶער פוּן די אֲמוֹרָאִים. וָואס הָאבֶּען אַללֶע מָאהל ווייטֶער איבֶּער־גֶעגֶעבֶּען דֶעם דַת.

מִיר ווַייזִין דָא אוֹיף ווִי עֶס איז איבֶּער גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, כְּסֵדֶר פוּן רַב אַשִׁי בּיז שו"ע, יֶעדֶער רַבִּי מיט זַיינֶע תַּלְמִידִים. אַלֶעם גֶעבּויט אויף דֶעם עֶרְשְׁטִין יְסוֹד די קַבָּלָה פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ.

צֶעהֶען טֶעג אין נִיסָן דֶעם פֶערְצִיגְסְטִין יָאהר איז מִרְיָם משֶׁה'ס שְׁוֶועסְטֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט אויף־גֶיהֶערְט צו גֵיין ווַאסֶער פוּן שְׁטֵיין, דוּרְךְ דֶעם איז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען דָאס משֶׁה מִיט אַהֲרן זָאלֶען נִיט אַריין אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

אין דֶעם יָאהר ר"ח אָב איז אַהֲרן גֶעשְׁטָארְבִּין, אוּנ אֶלְעָזָר איז גֶעוָוארִין כֹּהֵן גָדוֹל, פוּן דֶער צַייט איז דֶער עַמוּד הֶעָנָן אָב גֶעטָאהן גֶעוָוארֶען.

## ב.

דֶעם יָאהר ר"ח שְׁבָט איז אַרוֹיס אַ כְּרוּז פוּן משֶׁה, אין אַ חוֹדֶשׁ מִיט זִיבֶּען טֶעג אַרוּם וֶועל איךְ שְׁטַארְבֶּען, וֶוער עֶס הָאט פַארְגֶעסִין פוּן אוּנְזֶער לֶערְנֶען, אָדֶער עֶר הָאט וָואס צוּ פְרֶעגִין זָאל קוּמֶען פְרֶעגִין, דֶעם טָאג פַאר זַיין שְׁטַארְבִּין הָאט עֶר מִיט דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶועִן, אוּנ הָאט זַיי פָאר גֶעלֵייעֶנְט בְּרָכוֹת אויף דֶעם וָואס ווֶעט הִיטִין די תּוֹרָה, אוּנ קְלָלוֹת אויף דֶעם וָואס וֶועט עוֹבֵר זַיין אויף דֶער תּוֹרָה. נַאכְהֶער הָאט עֶר אָב־גֶעשְׁרִיבֶּען דְרַייצֶען סִפְרֵי תוֹרָה'ס אוּנ גֶעגֶעבֶּען יֶעדֶער שֵׁבֶט אַ תּוֹרָה. אוּנ אֵיין ס"ת אַריין גִישְׁטֶעלְט אין אָרוֹן קֹדֶשׁ, וֶועלְכֶע איז גֶעשְׁטַאנֶען אין מִשְׁכָּן וָואס דָארְט איז גִילֶעגִין די לוּחוֹת.

זִיבֶּען טֶעג אין חוֹדֶשׁ אֲדָר דֶעם טָאג פוּן זַיין שְׁטַארְבֶּען, הָאט עֶר אויף יְהוֹשֻׁעַ זַיין תַּלְמִיד די הֶענְד אָנְגֶעשְׁפַּארְט. גֶערוּפִין איהם רֶבִּי, אוּנ איבֶּער גִיגֶעבִּין דָאס פָאלְק אוּנְטֶער זַיין רֶעגִירוּנְג ווִיא גָאט הָאט איהם פַארְזָאגְט.

נאכְהֶער איז משֶׁה גֶעגַאנְגֶען זֶעגֶענֶען זיךְ מִיט אידִין אין זַייעֶרֶע גִיצֶעלְטִין טְרייסְטִין זַיי אויף זַיין שְׁטַארְבֶּען, אוּנ הָאט זַיי מַתְרֶה גִיוֶועִן פַאר הִימֶעל אוּנ עֶרְד, דָאס זַיי זָאלִין הִיטִין די תּוֹרָה, אוּנ גֶעזָאגְט פַאר זַיי די שִׁירָה פוּן הַאֲזִינוּ,

דָאס זָאל בְּלַייבֶּען פַאר זַיי אַ עֵדוּת. אוּנ אִיז אַרוּיף אוֹיף דֶעם הַר נְבוֹ, דֶער גַאנְצֶער כְּלַל יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אִיהם בֶּעגְלַייט. וִוי עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּם אַנְפַאנְג בַּארְג, הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דֶעם פָאלְק אוּנ זַיי גִיבֶּענְשְׁט מִיט דִי בְּרָכוֹת פוּן וְזֹאת הַבְּרָכָה אוּנ אִיז אַרוּיף אוֹיף דֶעם בַּארְג וַוייטֶער, אוּנ גֶעזֶעהֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ אִיז אָבּ־גִיטָאהן גֶעוָוארִין פוּן אִידִין ז׳ אֲדָר, בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט אוֹיף גִיהֶערְט צוּ גַיין דֶער מָן.

## ג.

משֶׁה׳ס שְׁטַארְבֶּען אִיז אֵיינֶע פוּן דִי גְרֶעסְטֶע פְּלָאִים אִין דֶער וֶועלְט, עֶס שְׁטֵייט דָאךְ אִין דֶער תּוֹרָה אַז דֶער אָרְט אִיז הַר נְבוֹ מִיט אַלֶע סִימָנִים, אוּנ עֶס שְׁטֵייעֶן דֶער בַּיי אַ עֶרֶךְ דְרַיי מִילְיָאן מֶענְשֶׁען, אוּנ זֶעהֶען וִוי עֶר גֵייט אַרוּיף, דוּכְט זִיךְ אַז דָאס אִיז גָאר פוּן דִי קְלֵיינֶע זַאכֶען צוּ גֶעפִינֶען בַּאלְד אוֹיף דֶעם אָרְט דֶעם קֶבֶר. אוּנ מֶען הָאט פָּארְט נִיט גֶעפוּנֶען אוּנ מֶען וֵוייס נִיט בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג, וִוי בֶּעהַאלְט מֶען זִיךְ דָאס פַאר אַזוֹי אַ פָאלְק אִין דִי אוֹיגִין? זַיי הָאבֶּען גֶעקְאנְט דֶעם בַּארְג דוּרְךְ זוּכֶען אוּנ גֶעפִינֶען דֶעם קֶבֶר.

פוּן משֶׁה׳ס בִּיאָגְרַאפְיֶע זֶעהט מֶען אַרוֹיס דֶעם אֱמֶת דָאס עֶר הָאט פוּן זִיךְ קֵיין זַאךְ גֶעטָאהן נוּר וָואס גָאט הָאט אִיהם גִיהֵייסִין. — וָוארוּם אִיז עֶר גִישְׁטָארְבִּין אַנְדֶערְשׁ וִוי דִי גַאנְצֶע וֶועלְט? אִין דֶער צַייט פוּן לֶעבֶּען קָאן מֶען נָאךְ זָאגֶען אֵיינֶער מַאכְט אַ שְׁוִוינְדִיל זַיין זַאךְ אוֹיס־צוּ־פִיהְרִין, אָבֶּער אַז עֶר הַאלְט שָׁאהן בַּיי׳ם שְׁטַארְבֶּען, וָואס אִיז אִיהם נוֹגֵעַ דִי גַאנְצֶע זַאךְ, נוּר דִי וָואס זַיינֶען דֶער בַּיי גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם אֱמֶת. דָאס עֶס אִיז אַלֶעם גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶער נַאטוּר. נוּר גָאט הָאט אַזוֹי גֶעהֵייסִין.

## ד.

בֶּעטְרַאכְט נוּר וָואס הָאט משֶׁה גֶעהַאט פוּן זַיין גַאנְצֶען גֶעשֶׁעפְט מִיט אִידִין עֶר הָאט אָפֶּען גֶעזָאגְט, פַאר דֶעם גַאנְצֶען כְּלַל, וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ אַנְגֶערִירְט אִיךְ הָאבּ זִיךְ אֲפִילוּ נִיט בֶּעדִינְט מִיט קֵיינֶעם, קֵיין אִיבֶּערִיגֶע כָּבוֹד הָאט עֶר אוֹיךְ פוּן זַיי נִיט גֶעהַאט. עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיי אַרוּם גֶעפִירְט אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנ הָאט זַיי עֶרְפִילְט אַלֶעם וָואס זַיי הָאבֶּען נוּר פֶערְלַאנְגְט, וֶועלִין מִיר אֶפְשַׁר זָאגֶען דָאס עֶר הָאט גֶעטָאהן פוּן קִינְדֶערְס וֶועגֶען, הָאט עֶר אָבֶּער פַאר קִינְדֶער אוֹיךְ גָאר נִיט פַארְזָארְגְט, זַיין רֶעגִירוּנְג הָאט עֶר אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּ יְהוֹשֻׁעַ, כְּהוּנָּה צוּ אַהֲרֹן מִיט דִי קִינְדֶער. מְלוּכָה צוּ שֵׁבֶט יְהוּדָה אוֹיף אֵייבִּיג, נָאךְ מֶעהר זַיין אֵיינֶגֶענֶעם שֵׁבֶט לֵוִי הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר אֵייבִּיגֶע אָרֶעמֶע לַייט, זַיי זָאלִין אִימֶער צוּם צְווֵייטֶען אָנְקוּמֶען, גֶעמֶען תְּרוּמָה, מַעֲשֵׂר, מַתְּנוֹת כְּהוּנָּה, אוּנ הָאט זַיי נִיט פֶערְזָארְגְט מִיט עֶרְד וִויא אַלֶע שְׁבָטִים, אוּנ דָאס אִיז דָאךְ יָדוּעַ דָאס דִי עֶרְגְסְטֶע קְלָלָה אִיז

אַנ־צו־קוּמֶען׳ צוּם צְוֵוייטֶען, פוּן דֶעם אִיז אַ בֶּעוַוייז אַז עֶר הָאט פוּן זִיךְ נִיט גִיטָאהן קַיין זַאךְ נוּר מִיט דֶעם בַּאפֶעהל פוּן בּוֹרֵא.

דִי לֶעצְטֶע רֵייד פוּן משֶׁה'ס אָבְ־שֵׁייד אִיז גֶעוֶוען דִי וֶוערְטֶער אִיהר וֶועט זִינְדִיגֶען אוּנ מֶען וֶועט אַייךְ פֶּערְטְרַייבֶּען עֶנְדֶען וֶועלְט, אִיז דָאס רִיכְטִיג מְקוּיָם גֶעוָוארִין. אוֹיךְ דִי גַאנְצֶע תוֹכָחָה אוּנ דִי עֵדוּת פוּן פ' הַאֲזִינוּ וֶוערְט מְקוּיָם רִיכְטִיג אוֹת בְּאוֹת, וִוי מִיר זֶעהֶען אוּנ וִוי יֶעדֶער פִיהלְט דָאס בַּיי זִיךְ.

משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט וִויפִיל שְׁמִטוֹת אִיהר וֶועט פַארְפֶעלִין אַזוֹי פִיל וֶועט אִיהר וֶוערִין פַארְטְרִיבֶּען אַזוֹי אִיז גִיוֶוען זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְטְרִיבֶּען אוֹיף זִיבֶּעצִיג יָאהר, גֶעגֶען דִי שְׁמִטוֹת וָואס זֵיי הָאבֶּען פַארְפֶעלְט. וִוי עֶס אִיז יָדוּעַ דֶער חֶשְׁבּוֹן 1).

# תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה מִסִּינַי.

משֶׁה קִבֵּל תּוֹרָה מִסִּינַי וּמְסָרָהּ לִיהוֹשֻׁעַ וִיהוֹשֻׁעַ לִזְקֵנִים וּזְקֵנִים לִנְבִיאִים וּנְבִיאִים מְסָרוּהָ לְאַנְשֵׁי כְּנֶסֶת הַגְּדוֹלָה וכו'.
(אבות פ"א)

## א.

אַז עֶס מוּז זַיין אַ תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה וֶועלְכֶע גָאטט הָאט גֶעזָאגְט צוּ משֶׁה אַ פֵּירוּשׁ אוֹיף דֶער תּוֹרָה. אוּנ משֶׁה הָאט דָאס גִילֶערִינְט מִיט דִי אִידִין, זֶעהט מֶען מְפוֹרָשׁ אִין דֶער תּוֹרָה, עֶס שְׁטֶעהט אִין דֶער תּוֹרָה וְזָבַחְתָּ כַּאֲשֶׁר צִוִּיתִיךָ גָאט זָאגְט צוּ משֶׁה דוּ זָאלְסְט שֶׁעכְטִין וִוי אִיךְ הָאבּ דִיר פַארְזָאגְט, עֶס שְׁטֵייט אָבֶּער נִיט אִין דֶער תּוֹרָה וִוי אַזוֹי מֶען הָאט אִיהם פַארְזָאגְט, מוּזֶען מִיר דָאךְ זָאגֶען אַז גָאט הָאט משֶׁה'ן גֶעזָאגְט אוֹיסְוֶוייניג דִי דִינִים פוּן שְׁחִיטָה, אוּנ משֶׁה הָאט דָאס אִיבֶּער־גֶעגֶעבִּין דָאס גְלַייכֶען אַלֶע פְּרָטֵי דִינִים פוּן דִי גַאנְצֶע תרי"ג מִצְוֹת, דֶען אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֵייט נִיט אֲפִילוּ אֵיין מִצְוָה אוֹיס גֶעשְׁרִיבֶּען רִיכְטִיג וִוי צוּ טָאהן אִיהר.

עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה, מֶען זָאל נֶעממֶען סוּכּוֹת אַ פְּרִי עֵץ הָדָר, הָאבֶּען מִיר בְּקַבָּלָה אַז דָאס אִיז אַ אֶתְרוֹג, פוּן דֶער תּוֹרָה קָאן מֶען אָבֶּער נִיט ווִיסִין רִיכְטִיג וָואס מֶען מֵיינְט, דֶען עֶס אִיז דָא נָאךְ אַנְדֶערֶע מִינִים שֵׁיינֶע פְּרוּכְט, וֶועט יֶעדֶער פַאר זִיךְ אוֹיס קְלַייבֶּען וָואס פַאר אַ פְּרִי אִיהם גִיפֶעלְט. —

---

1) עי' רש"י בחקתי.

דאס גלייכען תפלין שטייט נור אין דער תורה טוטפות. וואס טוטפות איז שטייט ניט קומט דאך אוים וואס איינער וועט וועלין וועט ער אן טאהן פאר אצייכען. — „ציצית" שטייט ניט ווי פיל פעדים איינצומאכען, איז דאך וויפיל פעדים יעדער וועט וועלין וועט ער מאכין. אונ עס שטייט דאך אין דער תורה תורה אחת יהיה לכם דאס הייסט די תורה מוז זיין גלייך פאר אללעם, עס טאר קיין פערנאנדער טהייל אין דער תורה ניט זיין, מוזען מיר דאך זאגען אז משה האט דאס אללעם איבער געגעבין בעל פה, ווי נאט האט איהם געזאגט אללע פרטים פון יעדער מצוה.

## ב.

אפילו די מצוה וואס עס שטייט מפורש אין דער תורה, ווייס מען איהר אויך ניט אהן די חכמים. צב"ש עס שטייט ביי שבת אל יצא איש ממקומו ביום השביעי, ווייזט אוים דער פשט אז קיין מענש טאר ניט ארוים גיין פון זיין ארט דעם גאנצען טאג פון שבת. אונ נאך א פסוק שטייט לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת. ווייזט דאך אוים דער פשט עס טאר שבת ניט ברענען קיין פייער אין א אידעשע הויז, וואלט א איד שבת בעדארפין זיצין אין דער פינצטער, אונ אויך ניט ארוים גיין פון הויז, איז דאס מעגליך צו גלויבען? די תורה פארזאגט דער וואס וועט טאן א מלאכה שבת, איז חייב מיתה. וואס הייסט א מלאכה, אונ ווי פיל איז דער שיעור פון א מלאכה, דאס שטייט ניט, חלב איז אסור, שמאלץ איז מותר, אין דער תורה שטייט נור מיט דעם אוים־דרוק „חלב" דאס איז טייטש פעטס, איז דאך שמאלץ אויך אין כלל. די תורה שבעל פה ערקלערט אבער דאס אללעם.

קורץ פון דער זאך איז, אהן תורה שבעל פה קאן מען ניט וויסען אפילו איין מצוה ווי צו טאהן, ווייל די תורה שבכתב איז נור ברמז רמיזא אוועק געשטעלט אונ צו דעם האט גאט משה'ן בעל פה איבער געגעבען, דעם פשט פון דער תורה מיט אללע פרטים. אונ משה האט דאס איבער געגעבען ווייטער ביז היינטיגען טאג.

ווי די גמרא זאגט אין חולין מפורש, רב חסדא פסקת א דין, אז מען גייט אין א מדבר אונ מען געפינט א גאנצען קערפער פלייש, וואס מען קאן ניט וויסין אויב די בהמה איז א טהורה אדער א טמאה, איז דא אין דעם א סימן, מען זאל צו שפאלטען די פלייש אונטער דעם וויידעל. אויב עס שפאלט זיך אין דער לייננ אונ אין דער ברייט, איז זיא א טהורה. נור אויב ער ווייסט אז דאס איז ניט קיין ערוד, וועלכער ער איז טמא אונ ביי איהם שפאלט זיך אויך די זעלבע. — פרעגט די גמרא ווי באלד אז עס קאן טרעפין א ערוד א טמא זאל האבען דעם זעלבען סימן קאן דאך איין אנדער טמאה אויך האבען דעם סימן,

ענטפערט די גמרא מיר האבען בקבלה פון משה רבינו אז עס איז מער ניטא פון טמאים מיט דעם סימן נור דער ערוד.

ג.

פיל זאכין האבען די חכמים ארויס־גענוממען פון דער תורה, ווי די גמרא ברייננט, איינער א פהילאזאף האט ניט געוואוסט צו וויפיל יאהר געבארט א שלאנג. האט ער אריין געלאזען אין א פאס א פאר שלאנגען, ענדע זיבען יאהר האבען זיי געבארין, האט ער מיט די פראגע געפרובט ר' יהושע בן חנניא, האט ער איהם באלד גיענטפערט צו זיבען יאהר אונ אויס־געוויזען פון פסוק 1). דער פהילאזאף האט דאס דער הערט, האט ער זיך אן געפאנגען קלאפין אין קאפ אונ זאגט וואס איך האב קוים צו זיבען יאהר דערגאנגען האט דאס דער חכם אויף געוויזין אין איין אויגענבליק פון דער תורה.

די חכמים זאגין אלעס וואס עס געפינט זיך אויף דער יבשה איז דא אין ים, אויסער די חולדה 2). דאס וואס זיי זאגען עס איז דא אין דער וועלט איז רעכט, ווען אויך מען זעהט ניט, ווייל מען קאן זאגען מען וועט נאך געפינען ווי עס איז ידוע דאס סוף כל סוף דער גייט מען, אבער אז זיי זאגין די חולדה איז ניט דא, פילייכט געפינט מען א חולדה בלייבען זיי דאך ליגנער. מוזין מיר דאך זאגען אז זיי האבען דאס אלעס געהאט בקבלה.

איבער־הויבט אין די יסודות פון תורה שבעל פה איז ניט דא קיין מחלוקת, ווייל דאס איז בקבלה פון משה רבינו ווי מיר האבען ערקלערט, אונ דאס וואס מען געפינט ביי די חכמים יוא מחלוקת, איז דאס נור ווייל די תורה שבכתב, אונ די קבלה, דאס איז די תורה שבעל פה, איז נור גירעדט אין כללים, יעדער כלל האט דאך פיל פרטים, קריגען נור די חכמים אין דער סברא צו וואס פאר א כלל עס גיהערט דער פרט, איז דערויף דא אב־גישטעלטע כללים ווי צו פסקנ'ן.

אויך האבען די נביאים אונ חכמים רשות מתקן צו זיין תקנות וועלכע עס פאדערט צו דער צייט, צב"ש תקנת עזרא, חנוכה, מגילה, אונ נאך תקנות פון חז"ל, אונ תקנות פון גרויסע חכמים צום חיזוק הדת, אין יעדער דור, ווי עס איז מפורש אין פ' שופטים.

1) בכורות ז. 2) ירושלמי שבת פי"ד.

# יְהוֹשֻׁעַ.

## א.

יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן װֶעלְכֶער הָאט פוּן מֹשֶׁה'ס גִיצֶעלְט נִיט אָבּ־גֶעטְרֶאטֶען, הָאט עֶר מְקַבֵּל גֶעוֶוען גַאנְץ תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה פוּן מֹשֶׁה'ן אוּנ אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּ דִי זְקֵנִים, אִיהם הָאט נָאט אוֹיס־עֶרְוֶוילְט אוֹיף מֹשֶׁה'ס אָרְט. עֶר הָאט אִידְן דוּרְךְ גֶעפִיהרְט דֶעם יַרְדֵן טְרוּקִין צֶעהן טֶעג אִין נִיסָן. גֵייֶענְדִיג הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיס־גֶענוּמֶען פוּן יַרְדֵן צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער, דָאס אִיז גֶעגֶען דִי צְוֶועלְף שְׁבָטִים. — זֵייעֶר גַאנְג אִיז גִיוֶוען צוּם הַר גְרִזִים אוּנ הַר עֵיבָל.

זֶעקְס שְׁבָטִים הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם הַר גְרִזִים. אוּנ זֶעקְס שְׁבָטִים אוֹיף דֶעם הַר עֵיבָל. דִי כֹּהֲנִים אוּנ דִי לְוִיִם וָואס טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן הָאבִּין זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין מִיטֶען. דִי לְוִיִם הָאבִּין זִיךְ אוּם גִיקֶערְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּם הַר גְרִזִים אוּנ גִיזָאגְט, גִיבֶּענְשְׁט זָאל זַיין דֶער מֶענְשׁ װֶעלְכֶער עֶס װֶעט הִיטִין דִי תּוֹרָה. הָאבֶּען אַלֶע גִיעֶנְטְפֶערְט אָמֵן, אוּנ הָאבִּין זִיךְ װִידֶער אוּמְגֶעקֶערְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּם הַר עֵיבָל אוּנ גֶעזָאגְט, פַארְפְלוּכְט אִיז דֶער וָואס װֶעט נִיט הִיטִין דִי תּוֹרָה, אוּנ אַלֶע הָאבֶּען גִיעֶנְטְפֶערְט אָמֵן. — אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער תּוֹרָה בִּכְלַל, אוּנ אוֹיף יֶעדֶער מִצְוָה בִּפְרַט. אוּנ הָאבֶּען זִיךְ פַאר־בּוּנְדֶען עָרֵב צוּ זַיין אֵיינֶער פַאר דֶעם צְוֵוייטֶען, דָאס קֵיינֶער זָאל נִיט טָאן קֵיין פֶערְבְּרֶעךְ אִין דַת.

נַאכְהֶער הָאבֶּען זֵיי גֶעבּוֹיעט אַ מִזְבֵּחַ פוּן דִי צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער אוּנ פַאר־טִינְקֶעוֶועט מִיט וַואפְּנֶע, אוּנ אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם טִינְק דִי תּוֹרָה אִין זִיבֶּעצִיג שְׁפְּרַאךְ, נַאכְהֶער הָאבִּין זֵיי פֶערְנַאנְדֶער גֶענוּמֶען דִי שְׁטֵיינֶער אוּנ מִיט גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ, אוּנ גֶעגַאנְגֶען צוּרִיק קַיין גִלְגָל, וָואס דָארְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען מֹשֶׁה'ס מִשְׁכָּן מִיט דֶעם מִזְבֵּחַ.

גִלְגָל אִיז גִיוֶוען זֵייעֶר בֶּעשְׁטִימְטֶער אָרְט דִי גַאנְצֶע פֶערְצִין יָאהר פוּן אַיינ־גֶענֶמֶען אוּנ צוּ טְהֵיילִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. אִין זִיבֶּען יָאהר צֵייט הָאט יְהוֹשֻׁעַ אַיינְגֶענוּ־מֶען 31 מְלָכִים, אוּנ צוּ טְהֵיילְט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט גֶעדוֹיֶערְט נָאךְ זִיבֶּען יָאהר. נַאכְהֶער הָאט מֶען גֶעמַאכְט דֶעם מִשְׁכָּן אִין שִׁילֹה וִוי גָאט הָאט גֶעהֵייסִין צוּ יְהוֹשֻׁעַ.

## ב.

אִין דֶער גַאנְצֶער צֵייט וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט גִילֶעבְּט, אוּנ זֵיי מַדְרִיךְ גֶעוֶוען, זַיינֶען אִידְן גֶעזֶעסִין רוּהִיג אִין זֵייעֶר לַאנְד, אוּנ עֶהרְנְסְט גֶעדִינְט גָאט.

יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶס קוּמְט אָן דִי צַייט פוּן זַיין שְׁטַארְבֶּען, הָאט עֶר צוּנוֹיף־גֶענוּמֶען דֶעם גַאנְצֶען כְּלַל אִידִין אִין שְׁכֶם, אוּנ הָאט זֵיי דָארְט אוֹיס־גִירֶעכִינְט דִי נִסִים וָואס גָאט הָאט מִיט זֵיי גֶעטָאהן, אִיבֶּער־הוֹיבְּט דֶעם לֶעצְטִין נֵס, וָואס עֶר הָאט זֵיי גִיגֶעבִּין אַ פַארְטִיגֶע לַאנְד, וֶועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען אוֹיף דֶעם נִיט גֶעהָארֶעוֶועט. אוּנ הָאט זֵיי שְׁטְרֵיינְג פֶּערְזָאגְט אוֹיף הִיטִין דִי תּוֹרָה, הָאבֶּען זֵיי אַלֶע גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט אֵיין וָוארְט, חָלִילָה מִיר וֶועלִין נִיט אָבּ טְרֶעטִין אֵיין הָאר פוּן דֶער תּוֹרָה.

יְהוֹשֻׁעַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַלְט הוּנְדֶערְט צֶעהן יָאהר, אִידִין הָאבֶּען גֶעהִיט זֵייעֶר בּוּנְד מִיט יְהוֹשֻׁעַ'ן כָּל זְמַן עֶס הָאבֶּען נָאךְ גִילֶעבְּט דִי זְקֵנִים פוּן דוֹר וָואס זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ'ן, אַז דִי זְקֵנִים זַיינֶען אוֹיס גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאבֶּען אִידִין גָאר פַארְגֶעסִין וָואס זֵיי הָאבֶּען כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶועןן מִיט מֹשֶׁה'ן אוּנ יְהוֹשֻׁעַ'ן זֵיי הָאבֶּען בֶּעזַייטִיגְט דִי תּוֹרָה, אוּנ אַוֶועק אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער וֶועג, צוּ פֶער־גְלַייכֶען זִיךְ מִיט אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער.

# שׁוֹפְטִים.

נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ'ס טוֹיְדְט הָאט זִיךְ גֶעפִירְט דִי אִידֶעשֶׁע אָרְדֶענוּנְג דוּרְךְ שׁוֹפְטִים אִין דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן דִי שׁוֹפְטִים, הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעפִירְט. וֶוען זֵיי פְלֶעגִין שְׁוַואךְ וֶוערִין אִין דֶער תּוֹרָה אוּנ מִצְוֹת, פְלֶעגְט גָאט אוֹיף זֵיי אָהן שִׁיקִין אֵיין פָאלְק פוּן זֵייעֶרֶע שְׁכֵנִים. בִּכְדֵי זֵיי זָאלֶען זִיךְ צוּרִיק קֶערִין צוּ דֶער תּוֹרָה, וֶוען זֵיי פְלֶעגִין בֶּעסֶער וֶוערִין פְלֶעגְט זֵיי גָאט אוֹיף שְׁטֶעלִין אֵיין שׁוֹפֵט, עֶר זָאל זֵייעֶר פַארְשְׁטֶעהֶער זַיין, אִין אַלֶעם וָואס דִי אִידֶעשֶׁע פָאלְק פָאדֶערְט. אַזוֹי אִיז בַּיי אִידִין גִיוֶועןן פֶערְצִין שׁוֹפְטִים אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערִין אוּנ דָאס זַיינֶען זֵיי.

א) עָתְנִיאֵל בֶּן קְנַז. ב) אֵהוּד. ג) שַׁמְגַר בֶּן עֲנָת. ד) דְבוֹרָה. ה) גִדְעוֹן. ו) אֲבִימֶלֶךְ בֶּן גִדְעוֹן. ז) תּוֹלָע בֶּן פּוּאָה. ח) יָאִיר הַגִלְעָדִי. ט) יִפְתָּח. י) אִבְצָן [זֶה בּוֹעַז], דֶער בּוֹעַז הָאט גֶענוּמֶען רוּת, פוּן זֵיי אִיז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען מַלְכוּת בֵּית דָוִד. יא) אֵילוֹן יב) עַבְדוֹן. יג) שִׁמְשׁוֹן הַגִבּוֹר. יד) עֵלִי הַכֹּהֵן.

עֵלִי אִיז גִיוֶועןן אַ תַּלְמִיד פוּן פִּינְחָס בֶּן אֶלְעָזָר, וָואס הָאט גִילֶעבְּט בִּיז עֵלִי'ס דוֹר. עֵלִי הַכֹּהֵן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן דֶער שְׁלֶעכְטֶער בְּשׂוֹרָה, דָאס דִי פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען דֶעם אָרוֹן הַקֹּדֶשׁ.

דִי פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעהַאט אַ שְׁוַוארְצֶען סוֹף, פוּן הַאלְטִין בַּיי זִיךְ דֶעם אָרוֹן, הָאבֶּען זֵיי אָבּ גֶעשִׁיקְט דֶעם אָרוֹן בְּכָבוֹד אוּנ נָאךְ מִיט אַ מַתָּנָה דֶער צוּ. נָאךְ עֵלִי'ס טוֹיְדְט אִיז דֶער מִשְׁכָּן שִׁילֹה חָרוּב גֶעוָוארֶען, אִין דֶער צַייט אִיז גֶעבְּלִיבֶּען דֶער שׁוֹפֵט אוֹיף דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא, וָואס עֶר הָאט זִיךְ

גֶרְצווינְגֶען בּיי עֵלִי הַכֹּהֵן. פון די צייט וָואס זַיין מוטֶער חַנָּה הָאט אִיהם אַנְטְוָואהנְט.

שְׁמוּאֵל הָאט אִין זַיין לֶעבֶּען פִיעל גֶעטָאהן פַאר דֶעם כְּלָל. עֶר אִיז אַרוּם גֶעפָארִין מֵעִיר לָעִיר מוֹכִיחַ זַיין דֶעם עוֹלָם, אונ הָאט גֶעמִשְׁפָּט דֶעם עוֹלָם דִי גַאנְצֶע צייט, צוּ זַיינֶע עֶלְטֶערֶע יָאהרִין הָאבֶּען אִידִין גֶעפָאדֶערְט אַ מֶלֶךְ, הָאט שְׁמוּאֵל גֶעמַאכְט אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער זֵיי שָׁאוּל'ן דוּרךְ דֶעם בַּאפֶעהל פון גָאט.

# מְלָכִים.

דֶער עֶרְשְׁטֶער מַלְכוּת בּיי אִידִין אִיז גִיוֶועזְן שָׁאוּל פון שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, עֶר הָאט נוּר גֶעקֶענִיגְט דְרַיי יָאהר 1), וַוייל עֶר הָאט פַארְבְּרָאכְין מִיט דֶעם וָואס עֶר הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְט פון דִי עֲמָלֵקִים, הָאט דֶער בּוֹרֵא פון אִיהם צוּ גִינוּמֶען דִי מְלוּכָה אונ אָבּ־גֶעגֶעבֶּען צוּ דָוִד בֶּן יִשַׁי פון שֵׁבֶט יְהוּדָה. דָוִד אִיז גֶעוֶוארִין שָׁאוּל'ס אַ אֵיידִים אונ אִיז גֶעיָאגְט גֶעוֶועזְן פון אִיהם. שָׁאוּל אִיז גֶעטוֹידְט גֶעוָוארִין אִין דֶער מִלְחָמָה פון דִי פְּלִשְׁתִּים, אונ דָוִד אִיז פֶערְבְּלִיבֶּען מַלְכוּת אִיבֶּער דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל.

דָוִד אִיז זִיבֶּען יָאהר גִיזֶעסִין אִין חֶבְרוֹן נָאכְהֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם. עֶר הָאט אַיינְגֶענוּמֶען אַלֶע אוּמוֹת אַרוּם זַיין לַאנְד, עֶר הָאט גֶעשְׁטַארְקְט דִי תּוֹרָה אונ גֶעגְרִינְדֶעט יְשִׁיבוֹת. עֶר זֶעלְבְּסְט אִיז גֶעוֶועזְן דֶער גְרֶעסְטֶער רֹאשׁ הַיְשִׁיבָה, אונ פְלֶעגְט שַׁאֲלוֹת עֶנְטְפֶערִין. וֶוען אוֹיךְ אַיין אִשָּׁה אִיז גֶעקוּמֶען וַוייזִין אִיהר שַׁאֲלָה, אוֹיבּ זִיא אִיז טָהוֹר צוּם מַאן.

עֶר הָאט פֶערְפַאסְט דֶעם תְּהִלִּים וֶועלְכֶער בּיי אַלֶע פֶעלְקֶער הֵיילִיג אִיז, אונ מִיר גְלוֹיבֶּען דָאס יֶעדֶער אִיד קָאן זַיין צַער גֶעפִינֶען אִין תְּהִלִּים. גִיעֶנְטְפֶערְט צוּ וֶוערִין. אִין תְּהִלִּים אִיז דָא קַאפִּיטְלֶען וֶועלְכֶע דָוִד הָאט גֶעהַאט בְּקַבָּלָה פון אָדָם, אַבְרָהָם, מַלְכִּי צֶדֶק, פון משֶׁה אונ בְּנֵי קֹרַח.

דָוִד אִיז גֶעוֶועזְן אַ תַּלְמִיד פון שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא. גִילֶעבְּט הָאט עֶר זִיבֶּעצִיג יָאהר. גֶעקֶענִיגְט הָאט עֶר פֶערְצִיג יָאהר. נָאךְ אִיהם הָאט גֶעקֶענִיגְט שְׁלמה זַיין זוהן.

1) סדר עולם ע"ש הגר"א.

# שְׁלמֹה.

גאָט האָט געגעבּען צוּ שְׁלמֹה'ן חָכְמָה אָהן אַ בְּרֶעג. מִיט זַיין חָכְמָה האָט ער אויס־געקלוּנגען די גאַנצע וועלט. אַללע מְלָכִים זיינען גיוועזען אוּנטער־טְהַאן צוּ איהם פאַר זַיין חָכְמָה.

דעם פֿירטען יאָהר פוּן זַיין מְלוּכָה, דאָס איז 480 יאָהר נאָך יְצִיאַת מִצְרַיִם האָט שְׁלמֹה געבּוֹיט דעם בֵּית הַמִקְדָשׁ — ער האָט אוּנז פערפאַסט די דְרַיי הייליגע סְפָרִים, מִשְׁלֵי, שִׁיר הַשִׁירִים, קהֶלֶת.

מִשְׁלֵי בּעשְׁטֵייט אִין דעם, איין צוּ פְלַאנְצין עהרליכע קלוּגע זיטען אין יעדער איד.

קהֶלֶת איז געבּוֹיט אויף צוּ ווייזען פּאַקְטִישׁ אַזוֹי ווי ער איז גיוועזען דער גרויסער פִילאָזאָף, אוּנ האָט אויך די גרעסטע פערגעניגען זיך פערשאַפט אויף דער וועלט, האָט ער זיך איבּערצייגט, אַז די וועלט מִיט אַללע גליקין איז נאָר נִישְׁט. דעם מענשינס גליק בּעשטייט נוּר פאַר גאָט פוּרכט צוּ האָבּען, צוּ דער־טְרייבּען צוּ די עוויגע וועלט.

שִׁיר הַשִׁירִים בּעשְׁטֵייט אִין דעם, אִין שִׁיר הַשִׁירִים איז איינגעוויקעלט די ליבּע צווישׁין אידין מִיט דעם בּוֹרֵא, אוּנ דער פּאַרלויף פוּן אידעשין לעבּען אִין אַללע צייטין, אַללעם מִיט געטליכע חָכְמָה געמאַכט.

אִין שְׁלמֹה'ס צייט זיינען דער כְּלַל יִשְׂרָאֵל געוועזען גליקליך, אוּנ גיזעסין רוּהִיג אִין זייער לאַנד. נאָך איהם האָט געקאָנינגט רְחַבְעָם זַיין זאָהן. האָבּין אִין איהם צעהען שְׁבָטִים מוֹרֵד גיוועזען אוּנ געמאַכט קעניגען אויף זיך יָרָבְעָם בֶּן נְבָט פוּן שֵׁבֶט אֶפְרַיִם. די צוויי שְׁבָטִים יְהוּדָה אוּנ בִּנְיָמִין, אויך פיעל פוּן שֵׁבֶט לֵוִי כֹּהֲנִים, אוּנ פיעל פרוּמע פוּן אַנדערע שְׁבָטִים, האָבּען זיך געהאַלטען אָן מַלְכוּת בֵּית דָוִד, האָט זיך די אידעשע מְלוּכָה צוּ טְהֵיילט אויף מַלְכֵי בֵּית דָוִד אוּנ מַלְכֵי יִשְׂרָאֵל. דאָס איז אַרוֹיס איבּער דעם, ווייל רְחַבְעָם האָט בּעסער אָנגענוּמען די עֵצָה פוּן די יוּנגע אַלְס פוּן די אַלטע.

# מַלְכֵי יִשְׂרָאֵל.

## א.

יָרָבְעָם בֶּן נְבָט וועלכער איז געוועזען דער ערשטער פוּן מַלְכֵי יִשְׂרָאֵל. האָט ער געוואָלט אָבּציהען דעם עוֹלָם פוּן עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין קיין יְרוּשָׁלַיִם

האָט ער געשטעלט צוויי עגלי זהב, איינעם אין בית אל, אונ איינעם אין דן, דער עולם זאל דארט צו־זאממען קוממען. ער האָט דארט געבויט אַ מזבח, גישטעלט כהנים, אונ ער זעלבסט איז געקוממען מקטיר זיין קטורת. האט ער באלד געהאט זיין פּסק, עס איז געקומען עדו הנביא אונ האט אויס־געשריען מיט איין קול איבער דעם מזבח: עס וועט ארויס קומען איינער פון מלכות בית דוד מיט זיין נאמען יאשיה וועט ער אויף דעם מזבח אויס־שעכטין אלע כהנים פון די במות. אונ מענשליכע ביינער וועט דא פאר־ברענט ווערין, צום בעווייז אויב די זאך איז ריכטיג, וועט באלד דער מזבח צו שפּאלטין ווערין, אונ די אש וועט זיך צו שיטין. ווי דער מלכות האט דאס דער הערט, וויל ער אויס־שטעקין די הענד, צייגין, איהם אן צו נעמען, איז איהם געוואָרין די האנד איין געדארט, האָט ער גיבעטין דעם נביא ער זאלל אויף איהם מתפלל זיין. האט דער נביא מתפלל גיוועזן. אונ די האנד איז געוואָרין גיזונד.

נאך ירבעם האט געקעניגט נדב זיין זאהן, האט איינער בעשא בן אחיהו אויס־געטייט נדב מיט די גאנצע הויז פון ירבעם, ווי דער נביא אחיה השילוני האט נביאות געזאגט. אונ בעשא איז געוואָרין מלך, נאך איהם האט געקעניגט אלה זיין זאהן האט זייערער אַ דינער זמרי געטויט אלה'ן מיט די גאנצע הויז פון בעשא, ווי גאט האט געזאגט דורך יהוא הנביא, אונ ער איז גיוואָרין מלך, זמרי האט אָבער ניט מעהר געקעניגט ווי זיבען טעג, דען די פאלק האבען געקעניגט עמרי'ן.

# ב.

נאך עמרי האט געקעניגט אחאב זיין זאהן, ער האט זעהר פיל פארברעך געטאהן געגען גאט. אויסער די עגלים פון ירבעם. האט ער ע"ז בעל איינגעפירט, ער האט געהאט אַ פרוי איזבל אַ ארורה, וועלכע זיא האט אויס־געטויטעט אלע נביאים, עס איז נור געבליבען הונדערט נביאים, וועלכע עובדיה דער קייזער־ליבער הויפּטמיניסטער האט בעהאלטין צו פופציג אין אַ הייל, אונ האט זיי אויסגעהאלטין מיט אלע זייערע נויטווענדיגקייט.

אין דער צייט האט אליהו התשבי געשאלטין עס זאל דריי יאהר ניט זיין קיין רעגין אונ קיין טוי, איז אזוי געוועזן, אונ דער הונגער האט זיך געשטארקט סוף דריי יאהר האט זיך אליהו בעוויזען צו אחאב. אונ זאגט איהם נעם צונויף דעם גאנצען פאלק מיט דיינע נביאים צום הר הכרמל דארט וועט ארויס גיין דער אמת, האט אחאב אזוי געטאהן, דארט אויף דעם הר הכרמל האט אליהו בעוויזין גרויסע וואונדער ביז אלע האבען זיך ערקונדיגט דעם אמת, אונ האבין געשריען ה' הוא האלהים.

אחאב האט געוואלט האבען דעם גארטין פון איינעם נבות היזרעאלי, האט

איזבל דורך פאלשע עדות איהם געטויטעט, אונ צו גענומען דעם גארטען, האט אליהו געזאגט צו אחאב, דו ביסט דער רוצח אונ דער יורש אויך, אויף דעם ארט וואס דוא האסט פארגאסען די בלוט פון נבות, דארט וועלין לעקין הינד דיין בלוט, אונ מען וועט אום באמען דיין הויז, ביז עס וועט פון דיר קיין זכר ניט בלייבען, אונ דיין מלכה איזבל וועלין אויך די הינד עסען איהר פלייש.

אחאב איז געטוידט געווארין אין דער מלחמה מיט ארם. אונ עס איז מקוים געווארין די נבואה פון אליהו פינקטליך, נאך איהם האט געקיניגט אחזיהו זיין זאהן, ער איז געשטארבען אהן קינדער, האט געקאניגט יהורם זיין ברודער.

## ג.

אין דער צייט איז ארויף אליהו מיט שטורעמווינד אויף דעם הימעל. אין דער צייט וואס יהורם האט געקיניגט איז געזאלבט געווארין דורך דעם באפעל פון גאט, איינער יהוא בן נמשי פאר א מלכות איבער די עשרת השבטים אונ האט געטוידט יהורם אונ אויך פון בית אחאב ביז איינעם, נור איין עתליה די טאכטער פון אחאב, זי איז געבליבען האט זיא געקיניגט אין יהודה, צום ענדע האט מען איהר אויך געטוידט.

יהוא האט מבטל געוועזן די ע"ז בעל. אבער די עגלים פון ירבעם זיינען נאך געבליבען, נאך איהם האט געקיניגט יהואחז, יואש, ירבעם דער צווייטער, זכריהו. פיר דורות נאך איינאנד, ווי דער נביא יונה האט נביאות געזאגט. פיר דורות פון דיר וועלין קאניגין, ווייל דוא האסט אוים געטייט בית אחאב.

די בית יהוא זיינען אויך געגאנגען אין די וועג פון ירבעם, האבין זיי געהאט זייער פסק, שלום בן יבש האט געטייט זכריהו'ן אונ געקאניגט אויף זיין ארט א חודש. האט איינער מנחם בן גדי געטייט שלום אונ געקאניגט אויף זיין ארט. נאך איהם האט געקאניגט פקחיה זיין זאהן, האט איהם זיינער א גענעראל איינער פקח בן רמליה געטוידט. אונ געקאניגט אויף זיין ארט.

נאך דעם האט איינער הושע בן אלה גיטייט פקח אין זיין צייט האט שלמנאסר מלך אשור באלעגערט די שטאט שומרון דריי יאהר, ביז ער האט איהר איינגענומען, אונ פארטריבין די עשרת השבטים ביז היינטיגען טאג, אונ בעזעצט אין א טהייל אירעשע שטעט די כותים, אזוי האט זיך פון די צעהען שבטים אוים־געלאזען, ווייל זיי זיינען געגאנגען אין וועג פון ירבעם, אונ ניט גיהערט די שטראף פון די נביאים.

# מַלְכֵי בֵית דָוִד.

## א.

דִי מַלְכֵי בֵית דָוִד הָאבֶּען זִיךְ גֶעצוֹיגִין פוּן דָוִד בִּיז צִדְקִיָהוּ הַמֶלֶךְ, וֶועלְכֶע אִין זַיין צַייט אִיז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ חָרוּב גֶעוָוארֶען. נָאךְ רְחַבְעָם שְׁלֹמֹה'ס זָאהן הָאט גֶעקֶאנִיגְט אֲבִיָה זַיין זָאהן, נָאךְ אֲבִיָה הָאט גֶעקֶאנִיגְט זַיין זָאהן אָסָא. נָאךְ אָסָא הָאט גֶעקֶאנִיגְט יְהוֹשָׁפָט זַיין זָאהן.

אָסָא אוּנ יְהוֹשָׁפָט זַיינֶען גִיוֶועזֶען צַדִיקִים, הָאט זַיי גָאט בֶּעגְלִיקְט, יְהוֹשָׁפָט הָאט אוֹיף גֶעהוֹיבִּין דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל. עֶר הָאט גֶעזֶעצְט שׁוֹפְטִים אִין דֶער גַאנְצֶער לַאנְד, אוֹיךְ הָאט עֶר אַרוּיס גֶעשִׁיקְט דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל אוּנ דִי גְרֶעסְטֶע פוּן אִידִין מִיט אַ ס"ת אִין הַאנְד אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער מְדִינָה צוּ לֶערְנֶען דֶעם עוֹלָם, עֶס זָאל פַארְבְּרֵייטֶערְט וֶוערִין דֶער לִימוּד הַתּוֹרָה. יְהוֹשָׁפָט פְלֶעגְט קוֹשִׁין הָאלְדְזִין דִי לוֹמְדֵי תוֹרָה, אוֹיךְ הָאט עֶר אַיינְגֶעאָרְדֶענְט אַ גְרוֹיסֶען חַיִל. עֶר הָאט גֶישְׁטֶעלְט אַ מִילְיָאן מִיט הוּנְדֶערְט אֵיין אוּנ זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן אִין יְרוּשָׁלַיִם אַלֵיין, אוֹיסֶער אִין דִי אִיבֶּערִיגֶע שְׁטֶעט.

נָאךְ אִיהם הָאט גֶעקֶאנִיגְט יְהוֹרָם זַיין זָאהן. יְהוֹרָם אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער וֶועג, וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט עֲתַלְיָה אִיזֶבֶל'ס טָאכְטֶער פַאר אֵיין פְרוֹי, אִין זַיין צַייט הָאט אָנְגִיפַאנְגֶען צוּ גֵיין דִי פָאלְק עֶרְגֶער. אֱדוֹם וָואס דָוִד הָאט זַיי אַיינְגֶענוּמֶען הָאבֶּען מוֹרֵד גִיוֶועזֶען. דִי פְּלִשְׁתִּים אוּנ דִי עַרְבִיִם הָאבֶּען בֶּערוֹיבְּט פִיל פַארְמֶעגִין פוּן בֵּית הַמֶלֶךְ, אוֹיךְ זַיינֶע זִיהן מִיט דִי וַוייבֶּער, עֶס אִיז נוּר גֶעבְּלִיבֶּען אֲחַזְיָהוּ דֶער קְלֶענְסְטֶער זָאהן. יְהוֹרָם אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען מִיט שְׁלֶעכְטֶע קְרַיינְק, אוּנ דוּרְךְ גְרוֹיס יְסוּרִים גֶעשְׁטָארְבֶּען, וִוי אֵלִיָהוּ הָאט אִיהם מַתְרֶה גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ אַיין בְּרִיף. אוּנ אִיז נִיט מְקוּבָּר גֶעוָוארִין צְווִישִׁין דִי מְלָכִים. נָאךְ אִיהם הָאט גֶעקֶאנִיגְט אֲחַזְיָהוּ זַיין קְלֶענְסְטֶער זָאהן, עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִי וֶועג פוּן זַיין פָאטֶער אוּנ דִי מוּטֶער דִי מַרְשַׁעַת. אִין זַיין צַייט זַיינֶען אִידִין שְׁלֶעכְט גֶעשְׁטַאנֶען, דֶער קֶאנִיג אֲחַזְיָהוּ אִיז גֶעבַאנִירְט גֶעוָוארִין אִין דֶער מִלְחָמָה מִיט אֲרָם, אִיז עֶר גֶעפָארִין נָאךְ יִזְרְעֶאל צוּ בֵּית אַחְאָב אִין אַ קוּר־הוֹיז, הָאט אִיהם דָארְט יֵהוּא בֶּן נִמְשִׁי גֶעטֵייט, אִין דֶער צַייט וֶוען מֶען הָאט אוֹיס גֶעטֵייט גַאנְץ בֵּית אַחְאָב.

עֲתַלְיָה זַיין מוּטֶער הָאט גִיהֶערְט דָאס אִיהר זָאהן אִיז גֶעטֵייט גֶעוָוארִין, הָאט זִיא אוֹיס־גֶעסַמְ'ת אַלֶע זֶרַע הַמְלוּכָה פוּן בֵּית דָוִד, עֶס אִיז נוּר גֶעבְּלִיבֶּען יוֹאָשׁ דֶער זָאהן פוּן אֲחַזְיָהוּ, וָואס יְהוֹשֶׁבַע דִי טָאכְטֶער פוּן מֶלֶךְ יְהוֹרָם, זִיא וַואר

די פְּרוּי פוּן יְהוֹיָדָע כֹּהֵן גָּדוֹל. הָאט זיא אִיהם מִיט זַיין אַם בֶּעהַאלְטֶען זֶעקְס יָאהר צַייט אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ, די זֶעקְס יָאהר הָאט עֲתַלְיָה גֶעפִירְט די מְלוּכָה.

## ב.

דֶעם זִיבֶּעטִין יָאהר הָאט יְהוֹיָדָע דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל בֶּעשְׁוָוארִין אַלֶע גֶענֶירֶעלֶער אוּנ די כֹּהֲנִים מִיט די לְוִיִם, זֵיי זָאלִין זַיין טְרַייא צוּם מַלְכוּת, וָואס אִיז דָא פוּן בֵּית דָוִד, אוּנ הָאט אַרוּס גֶעפִירְט יוֹאָשׁ מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד, אוּנ אִיהם אַוֶועק גֶישְׁטֶעלְט אִין הוֹיף פוּן בֵּית הַמִּקְדָשׁ, די גְוַוארְדְיֶע מִיט די מִשְׁמוֹרוֹת פוּן די כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ צֶעפ אַרוּם הוֹיף פוּן בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוּנ מֶען הָאט אִיהם אָן גֶעטָאהן די קֶענִינְגְלִיכֶע קְרוֹין, אוּנ אִיהם גִיגֶעבִּין די קֶענִינְגְלִיכֶע סֵפֶר תּוֹרָה 1) אִין הַאנְד. וָואס דָאס הֵייסְט דֶער אִידִישֶׁער הֶערְבּ, אוּנ די גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן יְחִי הַמֶּלֶךְ.

עֲתַלְיָה הָאט דֶער הֶערְט דֶעם רַעשׁ אִיז זיא אַרַיין אִין הוֹיף פוּן בֵּית הַמִּקְדָשׁ אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוֹי אַ בּוּנְד! אַ בּוּנְד! הָאט מֶען אִיהר גֶעמַאכְט פְּלַאץ צוּ אַנְטְלוֹיפֶען. אוּנ מֶען הָאט אִיהר דָארְט גֶעטוֹידְט.

כָּל זְמַן יְהוֹיָדָע הָאט גִילֶעבְּט אוּנ הָאט אִיהם מַדְרִיךְ גִיוֶועז אִיז יוֹאָשׁ גֶעגַאנְגֶען בְּדֶרֶךְ הַיָּשָׁר, אַז יְהוֹיָדָע אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין אִיז עֶר אַוֶועק אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער וֶועג, דוּרְךְ דֶעם אִיז גֶעקוּמֶען אַ חֲרוֹן אַף פוּן בּוֹרֵא אוֹיף די גַאנְצֶע לַאנְד.

אִין דֶער צַייט הָאט מֶען גֶעטוֹיט דֶעם נָבִיא זְכַרְיָה בֶּן יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן דוּרְךְ דֶעם בַּאפֶעהל פוּן מֶלֶךְ יוֹאָשׁ, ווייל עֶר הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אַיין יוֹם כִּפּוּר שְׁטְרָאפֶען דֶעם עוֹלָם.

די בְּלוּט הָאט נִיט גֶעשְׁטִילְט בִּיז חוּרְבַּן בֵּית הַמִּקְדָשׁ. הֶעכֶער ווִי דְרַייא־הוּנֶדערְט יָאהר, בִּיז נְבוּזַרְאֲדָן הָאט גֶעשָׁאכְטִין צֶעהנְדְלִיגֶע טוֹיזִינְדֶער מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶעם אָרְט פוּן די בְּלוּט. אוֹיף דֶעם קְלָאגְט יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא, אִם יֵהָרֵג בְּמִקְדַשׁ ה' כֹּהֵן וְנָבִיא.

## ג.

אִין דֶער צַייט אִיז אִידִין נִיט גוּט גֶעגַאנְגֶען, יוֹאָשׁ אִיז גֶעטוֹיט גֶעוָוארִין פוּן זַיינֶע דִינֶער, נָאךְ אִיהַם הָאט גֶעקֶענִיגְט אַמַצְיָהוּ זַיין זָאהן, מִיט אִיהם הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטִין יוֹאָשׁ דֶער מֶלֶךְ פוּן די עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים אוּנ הָאט אִיהם אַיינגֶענוּמֶען, נָאךְ אֲמַצְיָה'ן הָאט גֶעקֶענִיגְט עוּזִיָהוּ זַיין זָאהן.

---

1) דער קעניג מוז אומער מיט זיך א ס"ת האבין.

ער איז געגאנגען אין די געטליכע וועג, אונ האט בעגליקט איבעראלל, ער האט פארשפרייט פאבריקאציאן אין דער לאנד, האט ער אבער דער מיט שטאלצירט אונ איז אריין אין היכל מקטיר זיין קטורת. אכציג כהנים האבין זיך געשטעלט איהם מתרה זיין דאס ער וועט האבין א שלעכטין סוף. ער האט אבער ניט געפאלגט, באלד אויף דעם ארט איז ער קרעציג געווארען, אונ דורך דעם די וועלט אומגליקליך געמאכט, עס איז גיווארען א גרויס ערד־ציטערניש, ווי עמוס הנביא האט מיט צווייי יאהר פריער נביאות געזאגט, איז עוזיהו גיוועסין אויסער דער שטאט, אונ זיין זאהן יותם, האט געפירט די מלוכה.

יותם איז גיוועזען א צדיק אונ בעגליקט אומעדום, נאך איהם האט געקעניגט זיין זאהן אחז. אחז איז גיוועזען ארשע, איז ער געפאלין אין די האנד פון ארם אונ ביי פקח מלך ישראל.

דער אחז האט פארשלאסען די טירין פון ביהמ"ק, אונ מבטל גיוועזען די ישיבות מיט די בתי מדרשים.

נאך איהם האט געקעניגט חזקיהו זיין זאהן. חזקיהו האט דעם פאטער בעגראבין בבזיון, אונ ניט אין קברי מלכים.

אויף דעם חזקיהו זאגט דער פסוק עדות דאס ער איז געגאנגען אין גאטעס וועג. ווי זיין פאטער דוד, ער האט גיעפינט דעם בית המקדש, אונ די תורה צוריק געפעסטיגט, ער האט מרבה גיוועזען ישיבות אונ תלמודי תורה, אונ די פאלק גיבעטין אונ געצוואונגען צום לערנען, זיי זאלין וויסען ווי מקיים צו זיין די תורה, ביז דאס אין זיין צייט האט זיך ניט געפונען אין גאנץ ארץ ישראל, קיין פראסטער מענש אונטער מאנספלייט ווי אויך ביי פרויענצימער.

סנחרב איז געגאנגען אויף חזקיה מלחמה האלטין, האט ער מחרף ומגדף געוועזען דעם בורא עולם מיט דעם כלל ישראל, האט חזקיה תפלה געטאהן אונ דער בורא האט איהם גיענטפערט.

פסח ביי נאכט אין דער צייט ווען אללע אידין זיינען גיזעסין ביים סדר איז געקוממען א מלאך פון גאט אונ אויס געטייט זיין גאנצען לאגער חיל וועלכער אין זיי איז גיוועזען הונדערט פינף אונ אכציג טויזינד מאן, נור פולקאווניקעס, געניראלער אונ פרינצין פון אנדערע מלוכות, אונ סנחרב זעלבסט איז אנטלאפין בבזיון.

## ד.

אין דער צייט פון די פיר מלכים, עוזיהו, יותם, אחז, יחזקיהו, זיינען גיוועזען פיר בעריהמטע נביאים, הושע, ישעיה, עמוס, מיכה. וועלכע זיי האבין דאס פאלק מדריך געוועזען. נאך חזקיהו האט געקעניגט מנשה זיין זאהן, ער האט אזוי פיל פארבראכין ביז ער האט אין היכל איין בילד אריין גישטעלט, איז ער

גֶעפַאלִין אִין פְלֶען בַיי מֶלֶךְ אַשׁוּר, דֶער מֶלֶךְ אַשׁוּר הָאט אִיהם גֶעבְּרֶענְט אִין אַ מַאשִׁין 1) עֶר הָאט אָבֶּער תְּשׁוּבָה גֶעטָאהן אִיז עֶר גִיעֶנְטפֶערְט גֶעוָוארִין אוּנ צוּרִיק גֶעקוּמֶען צוּ זַיין מְלוּכָה.

דֶער פוּן זֶעהט מֶען ווִי גְרוֹים דֶער כֹּחַ פוּן תְּשׁוּבָה אִיז. – נָאךְ אִיהם הָאט גֶעקֶאנִיגְט אָמוֹן זַיין זָאהן, עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִי שְׁלֶעכְטֶע וֶועג פוּן זַיין פָאטֶער, זַיינֶע דִינֶער הָאבִּין אִיהם גֶעטוֹיט. נָאךְ מְנַשֶּׁה הָאט גֶעקֶאנִיגְט יֹאשִׁיָהוּ זַיין זָאהן, עֶר אִיז גִיוֶוען אַ גְרוֹיסֶער צַדִיק, עֶר הָאט גֶעוָואלְט פִיהרֶען אִידִין אִין דִי וֶועג פוּן זַיין גְרוֹים פָאטֶער חִזְקִיָה, דָאס פָאלְק אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען פַארְדָארְבִּין פוּן פְרִיעֶר.

יֹאשִׁיָהוּ הָאט פִיל אוֹיף גֶעטָאהן אִין זַיין לֶעבֶּען, עֶר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִי גֶעצֶענְדִינֶסט. – יֹאשִׁיָהוּ אִיז גֶעטוֹיט גֶעוָוארִין אִין דֶער מִלְחָמָה פוּן פַּרְעֹה נְכֹה אוּנ מִצְרַיִם אִיז גֶעוָוארִין אַ בַעל רֶעה אִיבֶּער דִי אִידֶעשֶׁע לַאנְד. נָאךְ יֹאשִׁיָהוּ'ס טוֹידְט, הָאבִּין אִידִין גֶעקֶאנִיגְט זַיין זָאהן יְהוֹאָחָז, הָאבִּין מִצְרַיִם אִיהם מַעֲבִיר גֶעוֶוען, אוּנ גִיזֶעצְט יְהוֹיָקִים זַיין בְּרוּדֶער אוֹיף זַיין אָרְט אוּנְטֶער זַייעֶר שׁוּטְץ.

---

# חוּרְבַּן בַּיִת רִאשׁוֹן.

## א.

אִין דֶער צַייט הָאט נְבוּכַדְנֶצַר מֶלֶךְ אַשׁוּר אַוֶועק גִינוּמֶען אַ טְהֵייל לַאנְד פוּן מִצְרַיִם, אִיז אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל גֶעפַאלִין אִין דֶער הַאנְד פוּן נְבוּכַדְנֶצַר, הָאט עֶר זִיךְ שָׁאהן גִירֶעכִּינְט קֶאנִיג אוֹיף אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ הָאט פַארנוּמֶען יְהוֹיָקִים'ן מִיט פִיל כֵּלִים פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ קַיין בָּבֶל, אוּנ גִיזֶעצְט יְהוֹיָכִין דֶעם זָאהן פוּן יְהוֹיָקִים אוֹיף זַיין אָרְט, יְהוֹיָקִים אִיז אוֹיף דֶעם וֶועג גֶעשְׁטָארְבֶּען, עֶר אִיז אֲפִילוּ צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעקוּמֶען, ווִי יִרְמְיָהוּ הַנָבִיא הָאט פָארָאוּיס גֶעזָאגְט.

אִין אַ יָאהר אַרוּם הָאט נְבוּכַדְנֶצַר ווִידֶער פַארנוּמֶען יְהוֹיָכִין מִיט דִי טַייעֶרֶע כֵּלִים פוּן בֵּיהמ"ק. אוֹיךְ הָאט עֶר מִיט גֶענוּממֶען דִי פַיינְסְטֶע לַייט פוּן אִידִין סַנְהֶדְרִין, רָאשֵׁי הַיְשִׁיבוֹת, צְווִישִׁין זֵיי אִיז גִיוֶוען יְחֶזְקֵאל הַנָבִיא, דָנִיאֵל חֲנַנְיָה מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה אוּנ מָרְדְכַי, בְּסַךְ הַכֹּל אִיז גִיוֶוען זִיבֶּעצִין טוֹיזֶינְד מַאן, זֵיי הָאבִּין מִיט גֶענוּמֶען עֶרְד אוּנ שְׁטֵיינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנ גֶעבּוֹיעֶט אַ שׁוּהל אִין נְהַרְדְעָא

1) סנהדרין קא.

אין בָּבֶל, אונ אַ נאָמֶען גֶעגֶעבִּין די שׁוּל שׁוּף יְתִיב, דאס אִיז טַייטְשׁ אַוֶועק־גֶערוּקְט פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אונ בֶּעזֶעצְט זיך אין בָּבֶל, דאָרְט אִיז גֶעוֶוען דֶער צֶענְטְרַאלְגֶער אָרְט פאר די גְרוֹיסֶע לַייט פון בָּבֶל.

נְבוּכַדְרֶצַר האט גֶעזֶעצְט אין יְרוּשָׁלַיִם צִדְקִיָהוּ אַ פֶּעטֶער פון יְהוֹיָכִין אונ איהם בֶּעשְׁוואוֹרֶען ער זאָל אין איהם נִיט מוֹרֵד זַיין. יִרְמְיָהוּ הַנָבִיא האט איהם אויך מַתְרֶה גֶיוֶוען, ער זאָל נִיט מוֹרֵד זַיין אין נְבוּכַדְרֶצַר. ער אִיז אָבֶּער גִיוֶוען צוּ שְׁוַואך צוּ שְׁטֶעלִין זיך גֶעגִין עוֹלָם וֶועלְכֶע זֵיי האָבֶּען דוּרך אוים גֶעוואָלְט מוֹרֵד זַיין, האט ער גֶעבְּרָאכִין די שְׁבוּעָה אונ פֶּערְבַּיי גֶעגַאנְגֶען דֶעם פַארְזָאג פון נָבִיא, אונ האט דָאך מוֹרֵד גִיוֶוען גֶעגִין נְבוּכַדְרֶצַר, אִיז אַרָאפּ נְבוּכַדְרֶצַר צֶעהֶען טֶעג אין חֹדֶשׁ טֵבֵת, אונ בַּאלֶעגֶערְט יְרוּשָׁלַיִם צְוַויי מִיט אַ הַאלְבּ יָאהר.

צֶעהֶען טֶעג אין תַּמוּז האט זיך גֶעשְׁטַארְקְט דֶער הוּנְגֶער. עֶס אִיז שׁאהן דָארְט מְקוּיָם גֶעוואָרֶען די תּוֹכָחָה, מוּטֶערְס האָבֶּען גִיגֶעסִין זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, דֶער אִידֶעשֶׁער חַיִל האָבֶּען שׁאהן קַיין קְרַאפְט גֶעהַאט צוּ שְׁטְרַייטִין, האט נְבוּכַדְרֶצַר אויף גֶעשְׁפָּאלְטִין די פֶעסְטוּנְג פון יְרוּשָׁלַיִם, אִיז ער אַרַיין אונ חָרוּב גֶעמאכְט די שְׁטָאט.

# ב.

ר"ח אָב אִיז ער אַרַיין אין הוֹיז פון בֵּית הַמִקְדָשׁ, אונ פִיל גֶעטֵייט פון די כֹּהֲנִים, אִידֶעשֶׁע טֶעכְטֶער צוּ שַׁאנְדֶע גֶעבְּרַאכְט. דָא אִיז מְקוּיָם גֶעוואָרֶען די נְבוּאָה פון יְשַׁעְיָה הַנָבִיא דאס די אִידֶעשֶׁע טֶעכְטֶער וֶועלִין בֶּעצָאלְט וֶוערִין פַאר זֵייעֶרֶע אִיבֶּערְטְרִיבֶּענֶע פַארשַׁייטְקַייט, דאס האט גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז תִּשְׁעָה בְּאָב, אונ זֵיי האבִּין אָנְגֶעצוּנְדִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אונ איהם אִין גַאנְצֶען חָרוּב גֶעמַאכְט, אונ דֶעם כְּלַל אִידִין פַארטְרִיבִּין אִין בָּבֶל.

· דַארוּם אִיז בַּיי אוּנְז גְרוֹיס דֶער תַּעֲנִית תִּשְׁעָה בְּאָב, עֶהנְלִיך צוּ יוֹם כִּפּוּר אונ פון ר"ח אָב אִיז מֶען נוֹהֵג אֲבֵלוּת.

דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז חָרוּב גֶעוָוארִין 3338 יָאהר נָאך בְּרִיאַת הָעוֹלָם, ער אִיז גֶעשְׁטַאנְגֶען 410 יָאהר.

אִין דֶער צַייט פון בֵּית הַמִקְדָשׁ האט מֶען פִיל נִסִים גִיזֶעהֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אונ אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, ווִי דֶער תַּנָא אִין אָבוֹת אונ די גְמָרָא רֶעכְנְט אוים.



דֶער מֶלֶךְ בָּבֶל הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְן אַ בִּיסִיל אִידִין אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, פַאר גֶערְטֶענֶער אוּנ פאנְגֶער דֶעם חֲלָזוֹן וָואס בֶּענוּצְט צוּם פַארְבֶּען תְּכֵלֶת, אוּנ אִיבֶּער זֵיי גֶעזֶעצְט פַאר אַ ראֹשׁ אֵיינֶעם גְדַלְיָהוּ בֶּן אֲחִיקָם. הָאט זִיךְ מְתְקַנֵא גִיוֶועזְן אֵיינֶער יִשְׁמָעֵאל בֶּן נְתַנְיָה פוּן זֶרַע הַמְלוּכָה, אוּנ גֶעטֵייט גְדַלְיָהוּ מִיט נָאךְ פִיל אִידִין דְרַייא טָאג אִין תִּשְׁרֵי. אִיבֶּער דֶעם אִיז בַּיי אוּנְז דֶער תַּעֲנִית צוֹם גְדַלְיָהוּ.

דִי אִידִין הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר נְבוּכַדְרֶצַר, וַוייל מֶען הָאט גֶעטוֹיט גְדַלְיָהוּ, זַיינֶען זֵיי אַנְטְלָאפִין קַיין מִצְרַיִם, אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען פּוּסְט ווִי אַ מִדְבָּר. יִרְמְיָהוּ הַנָבִיא הָאט זֵיי מַתְרֶה גִיוֶועזְן אִין גָאטֶעס נָאמֶען זֵיי זָאלֶען נִיט לוֹיפִין פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דֶען דִי שְׁווֶערְד וָואס אִיהר לוֹיפְט פוּן אִיהר, וֶועט אַייךְ דָארְט אוֹיךְ גֶעפִינֶען. אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזְן, עֶס אִיז גֶעוָוארִין אִין מִצְרַיִם פוּן אִידִין בִּיז אַ מִילְיָאן רַייכֶע פַאמִילְיֶעס, אוּנ עֶס אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען פוּן זֵיי קֵיין פָּלִיט, ווִי דֶער נָבִיא יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט.

# יִשְׂרָאֵל בְּבָבֶל.

## א.

דִי הַשְׁגָחַת הַבּוֹרֵא הָאט שָׁאהן אָן גֶעגְרֵייט פְרִיעֶר פַאר דֶעם חוּרְבָּן, עֶס זָאל דָארְט אִין בָּבֶל פַארְטְרִיבִּין וֶוערִין דִי גְרֶעסְטֶע פוּן אִידִין, זֵיי זָאלִין דָארְט אַיינְפְלַאנְצִין יְשִׁיבוֹת, דִי תּוֹרָה זָאל נִיט פַארְגֶעסִין וֶוערִין.

נְבוּכַדְנֶצַר הָרָשָׁע הָאט גוֹזֵר גִיוֶועזְן מֶען זָאל זִיךְ בּוּקִין צוּ אַ צֶלֶם. חֲנַנְיָה, מִישָׁאֵל, וַעֲזַרְיָה, הָאבִּין זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט בּוּקִין, הָאט מֶען זֵיי גֶעוָוארְפִין אִין קַאלְךְ אֵייוֶוען, זַיינֶען זֵיי נִיצוֹל גֶעוָוארִין, צוּ דֶער צַייט הָאט דָאס גֶעמַאכְט אַיין גְרוֹיסֶען אַיינְדְרוּק אוֹיף דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל בֶּעסֶער צוּ וֶוערִין. — נְבוּכַדְנֶצַר אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין, הָאט אֱוִיל מְרוֹדַךְ זַיין זָאהן אִידִין פַאר גְרִינְגֶערְט דֶעם לַאסְט. עֶר הָאט בֶּעפְרֵייט יְהוֹיָכִין מֶלֶךְ יְהוּדָה. נָאךְ אֱוִיל מְרוֹדַךְ הָאט גֶעקֶענִיגְט בֵּלְשַׁצַּר. פַאר אִיהם הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען מִלְחָמוֹת פוּן פָּרַס אוֹיף בָּבֶל. מֶען הָאט שָׁאהן גֶעזֶעהֶען דָאס עֶס גֵייט נֶעהֶנְטֶער צוּ דִי נְבוּאָה פוּן יְשַׁעְיָה מִיט נָאךְ נְבִיאִים אוֹיף מַפָּלַת בָּבֶל, אוּנ אִידִין זַיינֶען שָׁאהן גֶעהֶנְטֶער צוּ זֵייעֶר הָאפְנוּנְג.

בֵּלְשַׁצַּר הָאט גֶעמַאכְט אַ בַּאלל אוּנ זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט נִיצִין דִי כֵּלִים פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ, אִיז אַרָאפּ אֵיין הַאנְד אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁרִיבֶּען ווֶערְטֶער וֶועלְכֶע מֶען הָאט

גיט פארשטאנען, האט דניאל בעשיידעט דעם שריפט דאס בבל וועט חרוב ווערין אין גאנצען.

די זעלבע נאכט האט מען בלשצר גיטויט. און עס איז אריין די חיל פון פרס און חרוב געמאכט די שטאט און די הויבט־שטאט פון בבל, איז געווארין א תל עולם ביז היינטיגין טאג, ווי די נביאים האבען פאראויס געזאגט.

בבל איז אימער געווען די שטארקסטע קאניגרייך, זיא רופט זיך מיט דעם נאמען מלכי אשור. זיא האט נאך עקזעסטירט פון נמרוד'ן אן. די שטאט נינוה האט מען אין זיין צייט געגרינדעט. די שטארקייט פון בבל איז געווען אונ־נאטירליך. שלמנאסר האט פארטריבין די עשרת השבטים. סנחרב האט בעגליקט אומעדום, אויסער ביי ירושלים האט ער געהאט זיין מפלה. דער לעצטער פון די מלכי אשור, איז געווען איינער סרדנפל, איז מען אויף איהם בעפאלין פון מדי האט ער מנצח געווען.

דער בורא האט אבער דאך געוואלט איהם אומברייגגען, האט דער טייך חדקל פארפלייצט די שטאט נינוה, און געמאכט איין וועג פאר דעם מלך מדי, ווי ער האט דער זעהען זיין מפלה, האט ער אונטער געצונדין זיין הויף, איז פארברענט געווארין ער מיט זיינע פרויען, און די פאמיליע מיט די אוצרות המלוכה. און דער שונא האט צו פירט נינוה ביז גרונד, דארויף האט נחום נביאות געזאגט אות באות.

## ב.

אונזערע חכמים בעשרייבען די גרויסקייט פון נינוה, אין דער לעצטער צייט איז מען דאס דער־גאנגען דורך פרעמדע בעשרייבונג, פיער בעריהמטע פהילאזאפין 1) אנטיקען פארשער האבען גאנץ טיף אין דער ערד געפונען פיר פאלאצין וועלכע עס שטייט היינט אויף דעם ארט פיר דערפער אויסגעבויט 2). דער שטח צווישין די פיר פאלאצין פארנעמט דריי טאג גאנג, ווי יונה הנביא האט פארגעשטעלט נינוה אין זיין צייט, אויף די ווענד פון די פאלאצין איז אויס־געשריבען פון זייער היסטאריע, שטימט עס גלייך מיט דעם הייליגען תנ"ך.

נבוכדנצר האט איבער געבויט די הויבט שטאט פון בבל, ער האט געבויט איין פעסטונג פון צוועלף מייל ארום און ארום שטאט, ארום פעסטונג איז גיווען אוים געגראבין א טיפער גראבין און אריין געצויגין די וואסער פון נהר פרת, עס האט קיינער ניט געגלויבט דער שונא זאל קענען ווען אריין קומען. דער נהר פרת איז דורך די שטאט דורך געגאנגען, פון אויבין איז

1) ר"ך, באטטא, ראוולינזאן און לאיארד. 2) קוינדשיק, נמרד, קאראמאלעס, קהרזבארד.

גֶעוֶוען אַ בְּרִיק, אויף דֶעם בְּרִיק הָאט נְבוּכַדְנֶצַר פַאר זִיךְ אוים גֶעבּוֹיט אַ פַּאלֶעץ פוּן צְוֵויי מַייל. אִין זַיין פַּאלֶעץ אויף דֶעם בְּרִיק אִיז גֶעוֶוען גֶעפְּלַאנְצְט גֶערְטְנֶער סֶעדֶער וֶועלְדֶער, קִינְסְטְלִיךְ גֶעאַרְבֵּייט וֶועלְכֶע עֶס אִיז גָאר נִיט קֶאנְטִיג גֶעוֶוען אויף וָואס זֵיי שְׁטֵייֶען.

דֶער חָכָם רַאווְלִינְזָאן שְׁרַייבְּט אִין זַיין צֵייט, דָאס אַרוּם דֶעם פַּאלַאץ גֶעפִינְט זִיךְ הַיינְט אָן גֶעוָוארְפֶענֶע טויזֶנְדֶער צִיגִיל פוּן דִי וֶוענְד, אוּנ אויף דִי צִיגִיל אִיז אוים־גֶעשְׁרִיבֶּען דִי אֵייגֶענֶע זַאכִין וִוי אִין תנ"ךְ. אֲפִילוּ דֶער וואוּנְדֶערְלִיכָער סִיפּוּר דָאס נְבוּכַדְנֶצַר אִיז גֶעוָוארִין אַ חַיָּה אִין וַואלְד, הָאט מֶען גֶעפוּנֶען דָארְט אויף דִי וֶוענְד אוים־גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט אַ אַלְטִין כְּתָב.

ג.

אויף בָּבֶל הָאט דָאס נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט דִי פִיר נְבִיאִים, נַחוּם, צְפַנְיָה, יְשַׁעְיָהוּ, יִרְמְיָהוּ, אוּנ עֶס אִיז פּוּנְקְט מְקוּיָם גֶעוָוארֶען אוֹת בְּאוֹת.

דֶער מֶלֶךְ כּוֹרֶשׁ וָואס יְשַׁעְיָה הַנָבִיא הָאט אויף אִיהם נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט מִיט אַ צַייט פְרִיעֶר, אִין אַ צַייט וָואס דִי פִּירְמֶע כּוֹרֶשׁ הָאט נָאךְ נִיט עֶגְזֶעסְטִירְט, אִיז רִיכְטִיג מְקוּיָם גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט גֶעזָאגְט בִּנְבוּאָה, פַאר דִיר וֶועל אִיךְ עֶפֶענֶען דִי טִירִין, אוּנ דִי טוֹיעֶרִין וֶועלִין זַיין נִיט פַארְשְׁלָאסִין, אִיז אַזוֹי גֶעוֶוען, עֶס אִיז גֶעוֶוען בַּיי זֵיי אַ פַּייעֶרְטָאג, הָאבִּין זֵיי גִיעֶפִינְט פוּן פַארַאד וֶוענִין אַלֶע טוֹיעֶרִין, דֶער וַוייל אִיז אַרַיין כּוֹרֶשׁ אוּנ הָאט זֵיי חָרוּב גֶעמַאכְט.

אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן הָאט גֶעוָואלְט דִי שְׁטָאט אִיבֶּער־בּוֹיעֶן, הָאט עֶר אַוֶועק גֶעשְׁטֶעלְט הוּנְדֶערְט טויזִינְד אַרְבֵּייטֶער. עֶר אִיז אָבֶער בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דִי אַרְבֵּייט אִיז גֶעשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען, וִוי דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט זִיא וֶועט בְּלֵייבֶּען חָרוּב, אוּנ נִימַאלְס גֶעבּוֹיט וֶוערִין.

אִין דִי לֶעצְטֶע צֵייט הָאט מֶען אִין גַאנְצִין אַרוּים גֶעזֶעהֶען דִי נְבוּאָה פוּן יְשַׁעְיָהוּ יִרְמְיָהוּ. זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט זִיא וֶועט זַיין פּוּסְט אוּנ חָרוּב אויף עֶווִיג. דֶער עַרְבִי וֶועט דָארְט זַיין גֶעצֶעלְט נִיט שְׁטֶעלִין, קַיין פַאסְטוּךְ וֶועט דָארְט נִיט פִּטֶערִין, עֶס וֶועט דָארְט נוּר ווִילְדֶע חַיוֹת אוּנ פָאגְלֶען זַיין, אִיז רִיכְטִיג אַזוֹי. אִין דִי פֶּעסְטוּנְג פוּן שְׁטָאט זַייֶנֶען פִיל טְהִירֶע אוּנ ווִילְדֶע פָאגְלֶען, אוּנ דִי מַלְכֵי פָּרַס קוּמֶען דָארְט אויף יַאכְט, וֶוען אויךְ אַרוּם אוּנ אַרוּם אִיז דֶער גֶעגֶענְד בֶּעזֶעצְט, אֲפִילוּ דֶער עַרְבִי וֶועלְכֶער אִיז גִילֶערִינְט אוּנ גֶעווָאהְנְט מִיט דִי חַיוֹת, פַאלְט אויף אִיהם אַ מוֹרָא צוּ צוּ גֵיין, דֶער וָואס עֶס דֶער זֶעהְט פוּן דֶער־וַוייטִין דִי חוּרְבָה, וַוארְפְט אִיהם הֶענְד אוּנ פִיס, זַייֶנֶע הָאר וֶוערִין אִיהם ווִיא צְוֶועקֶעס, אוּנ אַנְטְלוֹיפְט פוּן דֶער וַוייטִינְס, דָאס וֵוייסִין מִיר אַלֶעם פוּן פְרֶעמְדֶע

בֶּעשְׁרַייבוּנְג, אַזוֹי הָאט זִיךְ אוים גֶעלָאזִין מִיט מִצְרַיִם, מִיט צוֹר, מִיט אַלֶלֶע נאצְיָאנֶען, פּוּנְקְט וִוי דִי נְבִיאִים הָאבִּין גֶעזָאגְט.

# בַּיִת שֵׁנִי.

## א.

וִוי כּוֹרֶשׁ הָאט אַיינְגֶענוּמֶען בָּבֶל הָאט עֶר פְּרַייא גֶעמַאכְט וֶועלְכֶער אִיד פוּן זַיינֶע אוּנְטֶערְטַאנֶער וִויל גֵיין קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זָאל עֶר גֵיין. אוֹיף דֶעם כּוֹרֶשׁ הָאט נָאךְ יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא נְבִיאוֹת גִיזָאגְט, עֶר וֶועט בֶּעפְרַייעֶן אִידִין אוּנ וֶועט בּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן פּוּנְקְט זִיבֶּעצִיג יָאהר פוּן נְבוּכַדְנֶצַר'ס מְלוּכָה וָואס דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט (לִמְלֹאת לְבָבֶל שִׁבְעִים שָׁנָה אֶפְקוֹד אֶתְכֶם) דָאס הֵייסְט וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען דִי 70 יָאהר פוּן דֶער מְלוּכָה פוּן בָּבֶל, וֶועל אִיךְ אַייךְ בַּאפֶעהלִין, זַיינֶען אוֹיף גֶעגַאנְגֶען 42362 מַאן מִימֵי זְרוּבָּבֶל בֶּן שַׁלְתִּיאֵל פוּן יְהוֹיָכִינְס קִינְדֶער. אוּנ יְהוֹשֻׁעַ בֶּן יְהוֹצָדָק דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען בּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. עֶס אִיז אָבֶּער גֶעוֶועזֶן פַאר דֶער צַייט, דִי כּוּתִים הָאבִּין גֶעוָואלְט זַיין מִיט־גְלִידֶער אוּנ אִידִין הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט, הָאבֶּען דִי כּוּתִים גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ מֶלֶךְ פָּרַס דָאס אִידִין וִוילִין בּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ צוּ גֵיין דִיר דֶער גֶעגֶען, אִיז גִישְׁטֶערְט גֶעוָוארִין דִי אַרְבֵּייט.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט אִין יָאהר 3404 הָאבֶּען אִידִין גֶעהַאט דֶעם שְׁרֶעק פוּן הָמָן, אוּנ דִי גְאוּלָּה דוּרְךְ מָרְדְּכַי וְאֶסְתֵּר, דֶעם יוֹם טוֹב פּוּרִים. דֶעם צְוֵוייטִין טָאג פֶּסַח דָאס יָאהר, הָאט מֶען הָמָן אוֹיף גֶעהַאנְגֶען, אוֹיף אִיבֶּער אַ יָאהר הָאט מֶען מְתַקֵּן גִיוֶועזֶן פּוּרִים.

## ב.

אִין דֶעם צְוֵוייטֶען יָאהר פוּן דָרְיָוֶשׁ דֶעם צְוֵוייטֶען דֶעם זָאהן פוּן אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, הָאבֶּען זְכַרְיָה מַלְאָכִי גֶעשְׁטַארְקְט זְרוּבָּבֶל, יְהוֹשֻׁעַ, אוּנ אַלֶלֶע אִידִין בְּשֵׁם ה', זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּממֶען צוּם בּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנ הָאבֶּען אוֹיס גֶעפִיהְרְט. דָאס אִיז גִיוֶועזֶן פּוּנְקְט זִיבֶּעצִיג יָאהר, וִוי מֶען הָאט יְרוּשָׁלַיִם חָרוּב גֶעמַאכְט. וִוי דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט, לְמַלֹּאת חוּרְבַּן יְרוּשָׁלַיִם שִׁבְעִים שָׁנָה אֶפְקוֹד אֶתְכֶם דָאס הֵייסְט וִוי עֶס וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגִין דִי זִיבֶּעצִיג יָאהר פוּן חוּרְבַּן יְרוּשָׁלַיִם וֶועט דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶעבּוֹיעֶט וֶוערִין.

די עלטערע וואס האבען געדיינקט דעם ערשטין בית המקדש האבען געוויינט, ווייל עס האט גיפעלט אין צווייטען בית המקדש, די זאכען א) דער ארון מיט די לוחות, ב) די שמן המשחה. ג) דער געטליבער פייער וועלכער איז געקוממען פון הימעל אויף דעם מזבח. ד) אונ קיין נייע נביאים איז מעהר ניט געוועןֿ.

מען האט דעם בית המקדש בעניינעט מיט גרויס שמחה ג׳ אדר, אין יאהר 3408, זרובבל איז געוואָרין פירשט אויף ארץ ישראל, אונ יהושע בן יהוצדק איז געוואָרין כהן גדול.

נאך זרובבל איז געוואָרין פירשט משולם זיין זאהן, איז אוועק משולם קיין בבל, אונ דאָרט געוואָרין נשיא אויף אללע בני הגולה, דאס הייסט ראש גלותא 1), דער ראש גלותא איז געוועזען געזעצט צו משפטין אויף אללע עניני הדת אונ געהאט מאכט פון דער מלוכה, ער איז געוועזען דער ערשטער ראש גלותא. אזוי האט זיך געצויגען א ערך 1500 יאהר, ביז די צייט פון די גאונים, אללע פון זרע דוד, ווי משולם איז אוועק, איז דא געוואָרען פירשט נחמיה אויף זיין אָרט.

---

# עזרא הסופר.

אין זיבעטין יאהר פון ארתחשסתא מלך פרס אין יאהר 3413, איז עזרא הסופר מיט פיל אידין געגאנגען אין ארץ ישראל, אונ דער מלכות האט זיי מיט געגעבען מתנות צום בית המקדש.

עזרא האט אבער געזעהען, דאס די גרעסטע טהייל אידין פערבלייבען אין בבל. איז ער ניט געגאנגען קיין ארץ ישראל, וואו ער האט זיי ניט בעוואָרנט צו בעפעסטיגען אין אידעשקייט, ער האט זיי איינגעאָרדענט ראשים, סופרים, ישיבות, אונ פערנאנדער געקליבען די משפחות, צו וויסין ריכטיג דעם יחוס פון יעדער משפחה, אז ער האט אלעס איין געאָרדענט, איז ער ערשט געגאנגען אין ארץ ישראל.

בבל איז פערבליבען א מקום תורה, מיט אידערע שיינע אָרדענונגען האט זיא געהייסין דער צווייטער צענטראלנער אָרט פון די סנהדרין פון ארץ ישראל. בבל מיט ארץ ישראל האבין געהאט איין פערבינדונג, מען פלעגט פאָרין לערנען פון בבל אין ארץ ישראל, פון ארץ ישראל אין בבל.

---

1) ד״ה דער גרעסטער איבער אידין אין דער צייט פון גלות.

אַז עֶזְרָא אִיז גֶעקוּמֶמֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר נִיט גֶערוּהט, אוּנ נוּר גֶעטָאהן אִין כְּלַל, עֶר הָאט אַיין גֶעאָרְדענְט שׁוֹפְטִים אִין דֶער לַאנְד, אוּנ דֶעם פָאלְק גִילֶערִינְט חוּקִים וּמִשְׁפָּטִים, עֶר הָאט זֵיי אָב־גִישֵׁיידְט פוּן דִי פְרוֹיעֶן וֶועלְכֶע זֵיי הָאבִּין גֶעהַאט גֶענוּמֶען פוּן פְרֶעמְדֶע נַאצְיָאנֶען. עֶר הָאט גוֹזֵר גִיוֶועֶן אַ תַּעֲנִית אוּנ צוּנוֹיף גֶענוּמֶען דִי שָׂרִים פוּן אִידִין מִיט דִי גַאנְצֶע פָאלְק אוּנ גֶעלֵייֶענְט פַאר זֵיי דִי סֵפֶר תּוֹרָה, עֶר הָאט זֵיי עֶרְקְלֶערְט ווִי וַוייט זֵיי זַיינֶען פוּן דֶער תּוֹרָה׃ הָאט עֶר גֶערִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנ גֶעזָאגְט וִידוּי מִיט גְרוֹיס גֶעוֵויין פַאר דֶעם גַאנְצֶען כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אוּנ הָאט מִיט זֵיי כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶועֶן מְקַיֵּים צוּ זַיין דִי תּוֹרָה׃

# אַנְשֵׁי כְּנֶסֶת הַגְּדוֹלָה׃

## א.

נַאכְהֶער הָאט עֶזְרָא גֶעמַאכְט אַיין פֶערְבִּינְדוּנְג פוּן הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג מַאן דִי גְרֶעסְטֶע פוּן אִידִין, פִיל פוּן זֵיי זַיינֶען גֶעוֶועֶן נְבִיאִים, עֶזְרָא זֶעלְבְּסְט, דָנִיאֵל, נְחֶמְיָה, חַגַּי זְכַרְיָה, מַלְאָכִי, מָרְדְּכַי, אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע. דִי הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג מַאן רוּפֶען זִיךְ אַנְשֵׁי כְּנֶסֶת הַגְּדוֹלָה, דָאס הֵייסְט דִי לַייט פוּן גְרוֹיסֶען פֶערְזַאמְלוּנְג. דִי אַנְשֵׁי כְּנֶסֶת הַגְּדוֹלָה הָאבֶען גֶעֶנְדִיגְט אוֹים שְׁרֵייבִּין דֶעם תַּנ"ךְ 1).

משֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִי תּוֹרָה אוּנ סֵפֶר אִיוֹב. יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעשְׁרִיבִּין זַיין סֵפֶר אוּנ אֶלְעָזָר מִיט פִּינְחָס הָאבֶען גִיעֶנְדִיגְט.

שְׁמוּאֵל הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען שְׁמוּאֵל שׁוֹפְטִים רוּת. דִי בֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן נָאךְ זַיין טוֹידְט הָאט גֶעֶנְדִיגְט נָתָן הַנָּבִיא אוּנ גָּד.

דָּוִד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם תְּהִלִּים. — יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען סֵפֶר יִרְמְיָה אֵיכָה אוּנ מְלָכִים.

חִזְקִיָּהוּ מִיט זַיין קָאמְפַּאנְיֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי דְרַיי סְפָרִים פוּן שְׁלֹמֹה, שִׁיר הַשִּׁירִים, מִשְׁלֵי, קֹהֶלֶת, אוּנ סֵפֶר יְשַׁעְיָהוּ.

עֶזְרָא הַסּוֹפֵר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִבְרֵי הַיָּמִים, אוּנ זַיין סֵפֶר, גִיעֶנְדִיגְט הָאט אִיהם נְחֶמְיָה.

דִי אַנְשֵׁי כְּנֶסֶת הַגְּדוֹלָה הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען יְחֶזְקֵאל, תְּרֵי עָשָׂר, דָּנִיאֵל, אוּנ מְגִילַּת אֶסְתֵּר, זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ מְסַדֵּר גֶעוֶועֶן דֶעם נוּסַח הַתְּפִלּוֹת אוּנ בְּרָכוֹת אוֹיף

1) ב"ב טו.

יעדער זאך, אונ האבען איין געארדענט בתי מדרשים, תלמוד תורה'ס, מלמדים ישיבות.

עזרא האט מוסיף געווען תקנות אין קריאת התורה וועלכע משה האט מתקן גיוועזען צו לייענען אלע שבת, אונ נאך אנדערע תקנות ווי די גמרא רופט עס תקנת עזרא.

וויפיל דארף מען דאנקען פאר די תקנה פון קריאת התורה, וועלכע דאס האלט אויף דעם איד אין אלע צייטען אומעדום דעם בונד צו דער תורה.

נחמיה האט איבער־געבויט די פעסטונג פון ירושלים. מיט מסירת נפש האט ער געארבייט פאר דעם כלל, ער האט אויך געשטראפט די רייכע וואָרום זיי דריקען די אָרעמע, אונ געשטראָפט פאר חילול שבת.

# ב.

די ערשטע צייט איז ארץ ישראל געווען אונטער דעם שוטץ פון מלכי פרס, עס האבען רעגירט דרייא פירשטין איינע נאך די אנדערע, זרובבל, משולם, נחמיה, נאכהער האט געפיהרט די פאלק דער כהן גדול מיט די זיבעציג סנהדרין אלעם אונטער די מלוכה פון פרס, אונ די אנשי כנסת הגדולה האבען עגזעס־טירט די גאנצע צייט, די לעצטע פון זיי איז געווען חגי הנביא, ער האט מאריך ימים געווען, ער האט געלעבט פון בית ראשון ביז דער צייט. פון איהם האט זיך גיענדיגט נבואה ביי אידין, דאס איז אין יאהר 3442 נאך בריאת העולם, וואס מיר ווארטין אלע טאג אויף דער בשורה פון אליהו הנביא פאר דער גאולה.

עס איז געווען ביי אידין טויזענדער נביאים, נור די גמרא רעכינט־אויס אכט אונ פערציג נביאים, אונ זיבען נביאות, וועלכע בעוואוסט ביי אידין.

ווי עס האט זיך גיענדיגט נבואה. האט זיך אנגעפאנגען די צייט פון די חכמים מיט דעם נאמען תנאים, זיי האבען עגזעסטירט מיט זייער געטליבער חכמה וואס זיי האבען־ יילזרינט די תורה אויס־ווייניג, דאס הייסט תורה שבעל פה, אונ איבער געגעבען איינער צו דעם צווייטין.

שמעון הצדיק דער כהן גדול איז געווען דער לעצטער פון די אנשי כנסת הגדולה אונ דער ערשטער פון די תנאים, ער האט די מויערין פון בית המקדש בעפעסטיגט אונ געגראבין וואסער־קאנאלען אין ירושלים.

אין זיין צייט איז צו ריסין געוואָרין די מלוכה פון פרס אונ עס האט אנגעפאנגען גיוועלטיגען מלכות יון, דער ערשטער פון זיי איז גיוועזען אלכסנדר מוקדון.

נאָך אַלֶכְּסַנְדֶר מוקְדון איז זיין מְלוּכָה צוּ טְהֵיילְט געוואָרין אין פִיֶער טְהֵייל, איין טְהֵייל הָאט גיהֶערְט צוּ תַּלְמַי מֶלֶךְ מִצְרַיִם, אין זיין גורָל איז געפאלין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

תַּלְמַי הַמֶּלֶךְ הָאט געוואָלְט הָאבֶּען איבֶּער־געזעצְט די תּוֹרָה אויף לָשׁוֹן יָוָן (גְרִיכִישׁ), הָאט ער געפאָדערְט זִיבּעציג חֲכָמִים אונ הָאט זיי אַנְטְפַאנְגֶען בְּכָבוֹד, ער הָאט יעדערין אין איין בעזונדערין צִימֶער געזעצְט, יעדער בעזונדער זָאלל איבֶּער זעצין די תּוֹרָה, הָאבֶּען זיי אַללֶע פּוּנְקְט גְלַייךְ איבֶּער גִיזעצְט אַזוי ווי זיי וָואלְטֶען געוועזען אַללֶע בעזאממען.

---

# יְמֵי הַיְוָנִים.

---

## א.

אין אַצייט אַרוּם הָאט גיהֶערְט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל צוּרִיק צוּ יָוָן, דַאן איז געוועזען דער מֶלֶךְ דער בעוואוּסְטֶער אַנְטִיוֹכוֹס.

דעם כְּלָל דארף מען ווִיסין דָאס עס פאנגְט זיךְ ניט אָהן קיין גְזֵירָה אויף אידין וואו זיי וֶוערין ניט פְרִיֶער פְרַיי פון זיךְ אין עִנְיָנִים פון דָת. צוּ דער צייט איז דעם כֹּהֵן גָדוֹל'ס אַ בְּרוּדֶער איינער יֵשׁוּעַ, הָאט ער זיךְ איבֶּער־געלֵייגְט דעם נאָמֶען אויף יָזוֹן, אונ איז אַוועק צוּ אַנְטִיוֹכוֹס בעטִין די כְּהוּנָּה גְדוֹלָה, דַאפִיר וֶועט ער איהם צָאלִין אַ געווִיססֶע סוּמֶע, אונ ער זָאל איהם ערְלויבֶּען בּויען גִימְנַאזְיֶעם אונ טְהעאַטער־הייזער, איז אַזוי געוועזען, ווי ער איז געוואָרין כֹּהֵן גָדוֹל הָאט ער געבּויעט אַ גִימנַאזְיֶע אויסער דער שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם, אונ הָאט בעזייטיגְט די תּוֹרָה. מִיט דער צייט הָאבֶּען זיךְ אידין פֶערְאֵיינִיגְט מִיט די יְוָנִים זיי זיינען געוועזען פוּל אין זייערע טעאַטער הייזער. בִּיז עס איז געוואָרען בּיי אידין אַ סֶעקְטֶע מִיט דעם נאָממען העלֶענִיסְטִין. דַאן איז בַּאלְד אַרוּיס אויף דעם פְּלַאץ אַנְטִיוֹכוֹס מִיט זיינע גְזֵירוֹת.

ער הָאט געזעצְט פון זיךְ אַ פִירְשְׁט אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל איינעם פִילִיפּ אונ איהם פֶערְזָאגְט אוים צוּ רַייסִין די תּוֹרָה, איינְפְלַאנְצֶען די געצֶען־דינְסְט, מִיט זייערע טעאַטער־הייזער, צוּם ערְשְׁט הָאבֶּען זיי אַריין געשְׁטֶעלְט זייער געצֶען־בִּילְד אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אונ מַקְרִיב גִיוועזען טְמֵאִים, זיי הָאבֶּען צוּ רַייסִין ס"ת אויף שְׁטִיקֶער.

אַנְטִיוּכוּס האָט אַרוֹיס גֶעגֶעבִּין טוֹידְט שְׁטְרָאף אוֹיף דֶעם וָואס וֶועט הִיטִין מִילָה, שַׁבָּת, אוּנ כַּשְׁרוּת. אַ כַּלָה פַאר דֶער חוּפָּה מוּז זִיךְ מֶעלְדֶען צוּם עֶלְסְטִין פוּן מִילִיטֶער.

# ב.

דֶער אִיד אָבֶּער אִיז שְׁאהן אַזוֹי, גְרַאדֶע וֶוען מֶען דְרִיקְט אִיהם, מֶען שְׁטִיקְט אִיהם צוּ, קָאן קֶעהרְט עֶר זִיךְ צוּרִיק. — אִירֶעלֶעךְ זַיינֶען שְׁאהן בֶּעסֶער גֶעוָוארִין, זֵיי הָאבִּין דֶעם לֶעבֶּען גֶעאָפְּפֶערְט פַאר דֶער תּוֹרָה, זֵיי הָאבִּין אִין דִי קֶעלֶערִין שַׁבָּת גֶעהאַלְטִין, תְּפִילִין גֶעלֵייגְט. אַ מוּטֶער מִיט אִיהרֶע זִיבֶּען זִיהן הָאבֶּען זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶוען, דִי זַאךְ אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי:

דֶער מֶלֶךְ הָאט גִיגֶעבִּין דֶעם קְלֶענְסְטִין פוּן זֵיי, אִיךְ וֶועל אַרָאבּ־וַוארְפִין דֶעם רִינְג גֶעגֶען דֶעם צֶלֶם, אוּנ דוּ זָאלְסְט אוֹיף הֵייבִּין, מֶען זָאל מֵיינֶען דוּ בּוּקְסְט זִיךְ צוּם צֶלֶם. דֶער קִינְד עֶנְטְפֶערְט זִיבֶּער, אִיבֶּער דֶעם כָּבוֹד פוּן אַ מֶענְשִׁין וֶועל אִיךְ נִיט מְחַלֵל זַיין דֶעם כָּבוֹד הַבּוֹרֵא, אִיךְ בִּין פַארְטִיג צוּם טוֹיְדְט מִיט שִׂמְחָה.

נָאךְ זַייעֶר טוֹיְדְט זָאגְט דִי מוּטֶער, גֵייט זָאגְט אַיְ אַייעֶר פָאטֶער אַבְרָהָם עֶר הָאט גֶעפִירְט אַיין זָאהן צוּ דֶער עֲקֵדָה, אִיךְ זִיבֶּען זִיהן, אוּנ זִיא אִיז אַרוֹיף אוֹיף אַ דַאךְ אוּנ זִיךְ אַרָאבּ גֶעוָוארְפֶען, אִיז אַרוֹיס אַ שְׁטִימֶע פוּן הִימֶעל מִיט דִי וֶוערְטֶער אֵם הַבָּנִים שְׂמֵחָה.

אוֹיךְ הָאבֶּען דִי יְוָנִים גֶעשְׁטָאפְּט אַ אִידִין פוּן נַיינְצִיג יָאהר אַ שְׁטִיקִיל חֲזִיר אִין מוֹיל הָאט עֶר אוֹיס גֶעבְּרָאכִין, הָאבִּין זֵיי אִיהם גִיגֶעבִּין זֵיי וֶועלִין אִיהם אַ שְׁטִיקִיל כָּשֵׁר פְלֵיישׁ אַריין שְׁטָאפֶּען, מֶען זָאל מֵיינֶען דָאס אִיז חֲזִיר, עֶנְטְפֶערְט עֶר אִיךְ וֶועל לִיבֶּערְשְׁט אִין אַייעֶר הַאנְד עֶהרְלִיךְ שְׁטַארְבֶּען אוּנ וֶועל נִיט מְחַלֵל זַיין שֵׁם שָׁמַיִם.

אַיין שַׁבָּת זַיינֶען דִי יְוָנִים בֶּעפַאלִין אוֹיף אַ קֶעלֶער מִיט טוֹיזִינְד פַאמִילְיֶען וָועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען גֶעבֶּעטִין זֵיי זָאלֶען אַרוֹיס גֵיין טָאהן אַמְלָאכָה, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ לִיבֶּערְשְׁט גֶעלָאזְט טוֹירְטִין אֵיידֶער מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין.

אַזוֹי זַיינֶען גֶעטוֹיְדְט גֶעוָוארִין טוֹיזֶענְדֶער אִידִין אוֹיף קִדוּשׁ הַשֵּׁם. — אִין דֶער צֵייט זַיינֶען אַוֶועק אַ גְרוֹיסֶע קוֹמְפַּאנְיֶע אִין דִי מִדְבָּרִיוֹת דִינֶען דֶעם בּוֹרֵא. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶערוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען אִיסִים.

# בַּית הַשְׁמוֹנָאִים.

## א.

צוּ דֶער צַייט אִיז גֶעוֶוען בַּיי אִידִין אַ גֶעוִויסֶער מַאן מַתִּתְיָהוּ בֶּן יוֹחָנָן כֹּהֵן גָּדוֹל, פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה חַשְׁמוֹנָאִי, אַ זָקֵן פוּן אַכְצִיג יָאהר. עֶר הָאט גֶעהַאט פִינְף זִיהן. יוֹחָנָן, שִׁמְעוֹן, יְהוּדָה הַמַכַּבִּי, אֶלְעָזָר, יְהוֹנָתָן, בַּיי זַיינֶע אַ שְׁוֶועסְטֶער יְהוּדִית הָאט גֶעבַארְפְט זַיין חֲתוּנָה, פַאר דֶער הוֹיכְצַייט (פָארְשְׁפִּיל) הָאט מֶען אַיין גֶעלַאדִין דִי פָארנֶעהְמְסְטֶע לַייט פוּן שְׁטָאט, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט עֶרְוַוארְט דִי כַּלָה, אִין דֶעם וִוי זֵיי זִיצִין אַזוֹי אִיז אַרַיין דִי כַּלָה זֶעהֶער פַארְשַׁייט אוֹיסגֶעבְּלַייזְט וֶועלְכֶע פַארְבָּאטִין אִיז פַאר אִידֶעשֶׁע טֶעכְטֶער, נָאכְמֶער פַאר אַיין טָאכְטֶער פוּן כֹּהֵן גָּדוֹל. דֶער עוֹלָם הָאט אַרָאבּ גֶעלָאזֶען דִי קֶאפּ, אוֹיף אִיהר נִיט צוּ קוּקֶען. דִי בְּרִידֶער (בְּנֵי מַתִּתְיָהוּ) הָאבֶּען פַארְבְּרָאכִין דִי הֶענְד אוּנ אָנְגֶעפַאנְגֶען שְׁרַייֶען אוֹיף אִיהר וִוי קוּמְט דָאס צוּ דִיר דוּ פֶערְשֶׁעהְמְסְט אוּנְזֶער פַאמִילְיֶע פַאר דִי אַללֶע חֲשׁוּבִים.

דָא הָאט זִיא אַרוֹיס גֶעשָׁאסֶען מִיט אַ יַאמֶערְלִיכֶען גֶעשְׁרַיי, אוּנפֶערְשֶׁעהְמְט זַייט אִיהר! אִיהר זַייט נוּר פְרוּם פַאר זִיךְ, יוּדִישֶׁע בְּלוּט גִיסְט זִיךְ וִוי וַואסֶער! דִי הַיילִיגֶע תּוֹרָה טְרֶעט מֶען אוּנְטֶער דִי פִּיס! דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז פַארשְׁמוּצְט! אִידֶעשֶׁע טֶעכְטֶער זַיינֶען הֶפְקֵר צוּ זְנוּת! אוֹיף מִיר ווִילְט אִיהר נִיט קוּקִין, וָוארוּם קוּקְט אִיהר אוּנ שְׁוַוייגְט? אָן דָארְט אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאט וַוארְט שָׁאהן אוֹיף מִיר דֶער גֶענִירַאל מִיט זַיין לַאגֶער, אִיךְ זָאלל צוּ אִיהם פְרִיֶער גֶערוּפִין וֶוערִין ווי צוּ מַיין חָתָן.

בַּאלְד בַּיי דֶעם זִיצוּנְג נָאךְ אִיהר רִירֶענְדֶע רֶעדֶע, אִיז פַארְבְּלִיבֶּען צוּ גַיין אוֹיף קִדוּשׁ הַשֵׁם, שְׁטְרַייטִין מִיט אַנְטִיוֹכוֹס,

## ב.

עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִי נַאכְט פוּן דֶער חוּפָּה, הָאבֶּען דִי בְּרִידֶער גֶעפִיהְרְט דִי כַּלָה צוּם גֶענִירַאל, דִי וֶועג הָאבִּין זֵיי מִיט מִירְטִין אוּנ בְּלוּמֶען גֶעשָׁאטִין פוּן דֶער נַויטִינְס הָאבִּין זֵיי אָבֶּער גֶעשְׁטֶעלְט צוּ, זַאמֶען גֶעקְלִיבִּין אִידִין זֵיי זָאלִין זַיין גְרַייט צוּם שְׁטְרַייט.

דֶער גֶענִירַאל מִיט זַיינֶע מִילִיטֶער קוּקִין אָן מִיט צוּ פְרִידֶענְהַייט, וִוי דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל'ס טָאכְטֶער גִיט זִיךְ אִיבֶּער צוּ עֶרְפִילִין דֶעם בֶּעפֶעהעל פוּן קֵיסָר, עֶר הָאט זֵיי אַנְטְפַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס עֶהרֶע אוּנ אַרַיין גֶעפִיהְרְט צוּ זִיךְ אִין זַאל.

דָא הָאט זִיךְ יְהוּדָה אָן גֶעקְלֵיידֶעט מִיט הָעלְדֶען־מוּטְה אוּנ דֶעם גֶענֶירַאל גֶעשְׁטָאכִין, עֶר אִיז בַּאלְד אַרוּיס אוֹיף אַ שְׁטְרַייט אוּנ הָאט זֵיי פֶערְיָאגְט פוּן דֶער שְׁטָאט עַכּוּ בִּיז נִימְרוּם 1).

ווִי דֶער קֶאנִיג אַנְטִיוֹכוּס הָאט דָאס דֶער הֶערְט הָאט עֶר אַרוּיס גֶעשִׁיקְט אוֹיף אַמִלְחָמָה אַ עֶרֶךְ 50 טוֹיזִינְד מַאן, אוּנ יְהוּדָה נוּר מִיט זֶעקְס טוֹיזִינְד מַאן אוּנ אַ תַּעֲנִית דֶער צוּ, הָאט יְהוּדָה אוּיס־גֶעטוּירְט בִּיז אֵיינֶעם. אַנְטִיוֹכוּס הָאט ווִידֶער גֶעשִׁיקְט אַ עֶרֶךְ 70 טוֹיזִינְד מַאן, אוּנ יְהוּדָה אִיז אַרוּיס נוּר מִיט צֶעהן טוֹיזִינְד מַאן, הָאט יְהוּדָה גוֹבֵר גִיוֶועזְן אוּנ אוֹיסְגֶעטוּירְט בִּיז אֵיינֶעם. יְהוּדָה הָאט זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט אוֹיף דִי גַאנְצֶע לַאנְד וואוּ עֶס אִיז נוּר גֶעוֶועזְן חַיִל פוּן יָוָן, אוּנ הָאט זֵיי מְנַצֵּחַ גֶעוֶועזְן.

יְהוּדָה אִיז גֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ הָאט גֶערֵיינִיגְט אוּנ גֶעהֵיילִיגְט דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ גֶעבּוּיט אַ נַייֶעם מִזְבֵּחַ, וַוייל דֶעם מִזְבֵּחַ הָאבִּין דִי גְרֶעקִין מְטַמֵּא גֶעוֶועזְן. מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ חֲנוּכַּת הַבַּיִת כ"ה כִּסְלֵו אִין יָאהר 3622 פוּן בְּרִיאַת הָעוֹלָם, בַּיי דֶעם אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַגְרוֹיסֶער נֵס, דָאס וֶוען דִי יְוָנִים זַיינֶען אַרַיין אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, הָאבִּין זֵיי טָמֵא גֶעמַאכְט אַלֶע בּוֹימְאֵייל, נוּר אֵיין בִּיסִיל בּוֹים־אֵייל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דֶעם זִיגִיל פוּן כֹּהֵן גָדוֹל וֶועלְכֶע זֵיי הָאבִּין נִיט גֶעפוּנֶען. עֶס אִיז דֶערְבַּיי גֶעשֶׁעהֶען נָאךְ אַ נֵס, וֶוען אוֹיךְ דִי בִּיסִיל בּוֹימְאֵייל אִיז גֶענוּג גֶעוֶועזְן נוּר אוֹיף אֵיין נאכְט צוּ בְּרֶענֶען, הָאט עֶס גֶעבְּרֶענְט אַכְט נֶעכְט, אוֹיף דֶעם הָאט מֶען אָבּ־גֶעשְׁטֶעלְט אַכְט נֶעכְט חֲנוּכָּה בַּיי אִידִין אוֹיף עֶוִויג.

יְהוּדָה הַמַכַּבִּי אוּנ יְהוּדִית וֶועלְכֶע דוּרְךְ זֵיי אִיז דֶער נֵס גֶעשֶׁעהָען, אִיז גֶעהֵיילִיגְט זֵייעֶר נָאמֶען אוֹיף עֶווִיג בַּיי אִידִין.

אוֹיךְ וֶוערְט עֶרְצֶעהלְט דָאס דִי הֶעלְדִין מִיט אִיהר נָאמֶען יְהוּדִית הָאט דֶעם גֶעוִויסִין אֱלִיפוּרְנִי דִי קָאפּ אַרוּנְטֶער גֶענוּמֶען 2).

## ג.

יְהוּדָה אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין, הָאט נָאךְ אִיהם רֶעגִירְט יוֹנָתָן זַיין בְּרוּדֶער, עֶר אִיז גֶעוֶועזְן כֹּהֵן גָדוֹל אוּנ גֶעפִירְט אִידִין אַכְצֶען יָאהר בְּצֶדֶק וּבְיוֹשֶׁר, נָאךְ אִיהם הָאט רֶעגִירְט שִׁמְעוֹן זַיין בְּרוּדֶער. עֶר הָאט אֵיין גֶעאָרְדֶענְט אַ אַרְמֵיי פוּן יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען. עֶר הָאט גֶעשְׁטִיצְט עֶרְדַארְבֵּייט אוּנ גְרוֹיס גֶעמַאכְט דֶעם מִסְחָר אִין לַאנְד, אִין זַיין צַייט אִיז אִידִין זֵייעֶר גוּט גֶעוֶועזְן.

נָאךְ אִיהם הָאט רֶעגִירְט יוֹחָנָן זַיין זָאהן. עֶר הָאט אַיינְגֶענוּמֶען אֱדוֹם, אוּנ זֵיי גֶעלָאזְט מָל זַיין, זֵיי זַיינֶען פַארְבְּלִיבֶּען אוּנְטֶערְטָאן, עֶר הָאט פַארְבְּרֵייטֶערְט דִי גְרֶענֶעצִין פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

נָאךְ אִיהם הָאט רֶעגִירְט אֲרִיסְתּוֹבּל זַיין זָאהן, עֶר הָאט זִיךְ שֶׁאהן גֶעפִירְט

---

1) יוצר לחנוכה. 2) די סיבה איז גיוועזן דורך קעז, דארום איז אסנהג צו עסין קעז חנוכה, (ר"נ פרק ב"מ שו"ע הל' הנוכה).

ניט ערליך, איין ברודער האט ער געטויטעט, זיין מוטער מיט די איבעריגע ברידער האט ער געזעצט אין פעסטונג.

נאך איהם האט געקעניגט ינאי זיין ברודער, ער האט געהאלטין מיט די סעקטע צדוקים וועלכע גייען געגען די חכמים, ער האט אויס־געטויטעט פיל פון די חכמים, פאר זיין טויטעט האט ער פארזאגט זיין פרוי זיא זאלל האלטען מיט די חכמים, דען איך בין ערפאהרין דאס דער אמת איז מיט זיי.

זיין פרוי די צדקת שולמית אלכסנדרנה, זיא וואר א שוועסטער פון דעם תנא ר' שמעון בן שטח. זיא האט געפירט די מלוכה מיט די עצה פון די חכמים. אללע אויסערוויילטע אין דער מלוכה זיינען געווען פון די חכמים.

אז די קעניגען שולמית איז געשטארבען איז ארויס איין קריג ביי איהרע צוויי זיהן, אריסתובל מיט הורקנוס, האבען זיי נאכהער שלום געשלאסין הורקנוס זאל זיין כהן גדול, אונ אריסתובל מלכות.

# ד.

עס וואלט שאהן גאר רוהיג געווען, האט זיך אבער אריין געמישט א דיפלאמאט, איינער מיט דעם נאמען אנטיפטר, וועלכער האט זיך מגייר געווען פון אדום וואס יוחנן האט זיי גיצייט מגייר צו זיין.

אנטיפטר האט זיך פארגישטעלט, פאר איין גוטין פריינד צו הורקנוס הויז האט ער דערוועקט א שנאה צווישין די צוויי ברידער, האבען זיך די ברידער פאר לאזין אויף דעם אבמאך פון רום, האט רום געפסקת אז עס זאל גיהערין די רעגירונג מיט די כהונה גדולה צו הורקנוס, אונ פסק־געלד האט רום גינומען דאס עס זאל זיין אונטער זייער שוטץ, אזוי איז געווען, רום איז געווארען בעל הבית איבער די אידעשע לאנד. אונ מיט דער צייט האבען זיי אין גאנצין פאר זיך צו גענוממען.

עס איז אין דעם פארלויף פיל אידעשע בלוט פארגאסין געווארין, וואס האבען זיך מוסר נפש געווען ניט אריין צו לאזען רום. דא האט זיך גיענדיגט די רעגירונג פון די חשמונאים וואס האט עגזעסטירט העכער ווי 100 יאהר, וואס דאס פאלק איז געווען אונטער איינגענעם שוטץ.

פון דעם איז צו פארשטעהען ווי גרויס דער כח פון לשון הרע אונ מחלוקת, איבער די לשון הרע פון אנטיפטר אונ די קריג פון די צוויי ברידער הורקנוס אונ אריסתובל, האט אריין געבראכט די חיה רעה רומי אין די גאט־ליבע סטאדע וואס פון דאן אן זיינען געשטאנען אידין אונטער דעם שוטץ פון רום. וואס די ענדע האט זיך אויסגעלאזט דאס דער בית המקדש איז חרוב, אונ מיר זיינען צו שפרייט אין דער וועלט ביז היינטיגען טאג, אויך איז דאס

אַלֶעהרֶע יֶעדֶער זָאל זַיין מִשְׁפָּט טְרָאגֶען צוּ דִי אֵייגֶענֶע אוּנ נִיט צוּ דִי וֶועלְכֶע רֶעכְּעגֶען זִיךְ פַאר פְרֶעמְדֶע.

הוֹרְקְנוּס אִיז גִיוֶעזֶען אַ שְׁוַואכֶער פִירֶער, הָאט רוֹם אַיין גֶעאָרְדֶענְט אַנְטִיפַּטֶר זָאל זַיין דֶער פִירֶער אוֹיף הוֹרְקְנוּס נָאמֶען, אַנְטִיפַּטֶר הָאט אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען דִי מֶמְשָׁלָה פוּן דִי שְׁטִיק לַאנְד אֶרֶץ הַגָלִיל, צוּ זַיין זָאהן דֶער גֶעוִויסֶער הוֹרְדוֹס.

# בֵּית הוֹרְדוֹס.

## א.

הוֹרְדוֹס הָאט אוֹיסְגֶענוּמֶען בַּיי רוֹם, הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעמַאכְט פָאלְמַאכְטֶער אִיבֶּער גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. אִין יָאהר 3721 אִיז הוֹרְדוֹס גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ בַּאלֶעגֶערְט דִי שְׁטָאט דְרַיי יָאהר, אוּנ אִיהר אַיינְגֶענוּמֶען עֶר הָאט גֶעקֶענִיגְט פִיר אוּנ דְרַייסִיג יָאהר אוֹיף אִידִין,

דֶער הוֹרְדוֹס הָאט אוֹיסְגֶעטוֹידְט גַאנְץ בֵּית חַשְׁמוֹנָאִים, זַיין אֵייגֶענֶע פְרוֹי דִי שׁוֹינְהַייט פוּן בְּנוֹת יִשְׂרָאֵל, מִרְיָם, פוּן בֵּית חַשְׁמוֹנָאִים מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע צְוַויי זִיהן הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטוֹידְט. ווייל עֶר הָאט זֵיי גִירֶעכֶנְט נִיט גַאנְץ מִיט אִיהם. דִי חַכְמֵי יִשְׂרָאֵל הָאבִּין אִיהם גֶעשְׁטְרָאפְט אוֹיף זַיין שְׁלֶעכְטֶעם, הָאט עֶר פוּן זֵיי פִיל גֶעטוֹיט. אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר הָאט נִיט קַיין חֵן בַּיי יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר זִיךְ אַ בִּיסֶל צוּ גֶערוּקְט צוּ אִידִין אוּנ הָאט בֶּענַייט דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ.

## ב.

אִין יָאהר 3728 פוּן בְּרִיאַת הָעוֹלָם אִיז אַרָאבּ גֶעקוּמֶען אֵיינֶער הִלֵל הַבַּבְלִי פוּן בָּבֶל, עֶר נָואר פוּן מִשְׁפַּחַת בֵּית דָוִד. דֶער הִילֶל אִיז גֶעוֶועזֶען אַגְרוֹיסֶער עָנָיו הִילֵל אִיז גֶעוֶועזֶען חָבֵר מִיט שַׁמַאי, יֶעדֶער פַאר זִיךְ הָאט גֶעפִיהרְט אַ יְשִׁיבָה, דִי תַּלְמִידִים רוּפִין זִיךְ בֵּית שַׁמַאי, בֵּית הִילֵל, צוּ דֶער צַייט אִיז גֶעוֶועזֶען אַנָשִׂיא אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פוּן דִי פַאמִילְיֶע בְּנֵי בְּתֵירָא, הָאבֶּען זֵיי אִיהם דֶעם שְׁטוּל אָבּ גֶעטְרָאטִין אוּנ הִילֵל אִיז גֶעוָוארִין נָשִׂיא.

דִי נְשִׂיאוֹת הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגִין אַ עֶרֶךְ פִיער הוּנְדֶערְט יָאהר, פַאר דֶעם חוּרְבָּן הוּנְדֶערְט יָאהר, אוּנ 290 נָאךְ דֶעם חוּרְבָּן בַּיִת שֵׁנִי.

צֶעהֶען דוֹרוֹת נָאךְ אַ נַאנְד זַיינֶען גֶעוֶועזֶען נְשִׂיאִים, מִיט דִי נֶעמֶען,

א) הִילֵל הַזָקֵן, ב) רַבָּן שִׁמְעוֹן זַיין זָאהן, ג) רַבָּן גַמְלִיאֵל הַזָקֵן, ד) ר׳ שִׁמְעוֹן הַנֶהֱרַג 1), די זַיינֶען גיוועזען נְשִׂיאִים בִּיז חורְבַּן הַבַּיִת. נָאךְ דֶעם חורְבַּן אִיז גֶעוֶוען, ה) רַבִּי גַמְלִיאֵל אַ נָשִׂיא אִין דֶער שְׁטָאט יַבְנֶה. ו) ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל, ז) ר׳ יְהוּדָה הַנָשִׂיא, דָאס אִיז רֶבִּי וָואס הָאט מְסַדֵר גֶעוֶוען מִשְׁנִיוֹת. ח) ר׳ גַמְלִיאֵל זַיין זָאהן, ט) ר׳ יְהוּדָה נְשִׂיאָה, י) הִילֵל הַנָשִׂיא דֶער לֶעצְטֶער.

וָוען הוֹרְדוּס אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין הָאט נָאךְ די מְלוּכָה גֶעהַאלְטִין בַּיי די קִינְדֶער אֵיינִיגֶע יָאהר, אוּנְטֶער דֶעם שוּטְץ פוּן רוֹם. די שוֹפְטִים פוּן לַאנְד זַיינֶען גֶעוֶוען די סַנְהֶדְרִין זִיבֶּעצִיג מַאן מִיט דֶעם נָאמֶען בֵּית דִין הַגָדוֹל. זֵיי זַיינֶען גֶעזֶעסִין אִין לִשְׁכַּת הַגָזִית 2). מִיט דֶער צֵייט אִיז דִיא רֶעגִירוּנְג אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְצֶען צוּ רוֹם, דָא הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען אִיךְעשֶׁע צָרוֹת.

דֶער מֶלֶךְ פוּן רוֹם קַלִיגוּלָה הָאט גִיגֶעבִּין אַ בַּאפֶעל, מֶען זָאל דִינֶען צוּ זַיין בִּילְד, הָאט מֶען בַּיי אַנְדֶערֶע נַאצְיָאנֶען דָאס אָן גֶענוּמֶען, עֶר הָאט גֶעוָואלְט מַאכִין בַּיי אִידִין אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוֹיךְ די זֶעלְבֶּע. עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעגָאלְטִין, אוּנ הָאט גָאר דֶעם טוֹיךְט בֶּעקוּמֶען.

אִידִין פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין הָאבֶּען אוֹיס גֶעשְׁטְרֶעקְט די הֶעלְדְזֶער צוּם שֶׁעכְטִין אוּנ הָאבֶּען צוּ דֶעם נִיט דֶערְלָאזְין. דֶער וַוייל הָאט דֶער בּוֹרֵא גֶעשִׁיקְט אַ טוּמֶעל אִין קֵייזֶערְלִיכֶען הוֹיף, אוּנ מֶען הָאט דֶעם מַלְכוּת גֶעטוֹידְט אִיז די גְזֵירָה בָּטֵל גֶעוָוארֶען.

דֶער נַייֶער קֶעניג פוּן רוֹם הָאט גֶעזֶעצְט אוֹיף גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אַגְרִיפּוּס אַ אֵיינִיקִיל פוּן הוֹרְדוּס. דֶער אַגְרִיפּוּס אִיז גִיוֶועזען אַ פַיינֶער מַאן, עֶר הָאט גִיהַאט אַ פְרוּמֶע פְרוֹי, אִין אֵיינִיגֶע עֶרְטֶער רִיהמְט אִיהם די גְמָרָא. אִין זַיין צֵייט אִיז שָׁאהן אִידִין אַבִּיסִיל גְרִינְגֶער גֶעוָוארִין.

דַאן הָאט זִיךְ מְגַייֵר גֶעוֶועזען הֶלְנִי הַמַלְכָּה, די קֶעניגִין פוּן חָרוּב, זִיא מִיט אִיהר גַאנְצֶען קֵייזֶערְלִיכֶען הוֹיף הָאבֶּען פֶערְלַאזְין די מְלוּכָה אוּנ גֶעדִינְט דֶעם בּוֹרֵא בְּלֵב וָנֶפֶשׁ, עַד הַיוֹם אִיז נָאךְ יָדוּעַ אִיהר ווָאהנוּנְג אִין יְרוּשָׁלַיִם.

נָאךְ אִיהם הָאט רֶעגִירְט אַגְרִיפּוּס דֶער צְווייטֶער, אִין זַיין צֵייט זַיינֶען גֶעוֶוען אִידִין זֶעהֶער אוּנְטֶערְדְרִיקְט פוּן די רוֹמִים, עֶס אִיז גֶעוֶוען אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ דֶער טְרָאגִין, זַיינֶען זֵיי אַרוֹיס פוּן גֶערוּלְד, אוּנ הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטוֹידְט די רוֹמִים וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ אַיין גֶעאָרְדֶענְט פוּן

---

1) דער ר׳ שמעון איז געטוידט געווארין אין די עשרה הרוגי מלכות.
2) דער ארט וואו די סנהדרין זיינען גיזעסין אין בית המקדש.

זיך מיליטער אין דער גאנצער לאנד. ארץ הגליל האבען זייא איבער־געגעבען צו יוסף בן מתתיהו הכהן, דאס איז דער וואס האט געמאכט דעם יוסיפון. דא האט זיך אנגעפאנגען דער איהעשער אומגליק.

# חורבן בית שני.

## א.

דער קיסר פון רום, ווי די גמרא רופט איהם נירון קיסר האט געשיקט אויף מלחמה מיט אידין איינעם אספסיאנוס. האט ער צום ערשט איינגענומען די צוויי פעסטונגען צפורי אונ יורפת, דא האט רומי געלייגט הונדערט טויזענדער מאן, אידין האבען בעוויזען גרוים גבורה, נור דער חיל פון רום איז געווען זעהער פיל, אונ אספסיאנוס האט ניט געזאלעוועט קיין מענשען. אספסיאנוס האט אויך איינגענומען יפו שומרון טבריה אונ האט זיך גערוקט צו ירושלים איז ער געקומען אונ בעלעגערט די שטאט.

די חכמים מיט די עהרליכע האבען געהייסין זיך אונטער געבען, דען מען זעהט דאך אז עס איז יד ה', מען וועט ניט אויספיהרין, די פרוצים (פרייע) האבען אבער געזאגט מען מוז שטרייטין ביז דאס לעצטע, האבין די פרוצים ניט ארוים געלאזט פון שטאט קיין מינדעסטע זאך. אויסער א טוידטין צו דער קבורה.

ר' יוחנן בן זכאי מיט זיינע תלמידים האבען איינגעזעהען דאס דער בעשטאנד איז זעהער שלעכט. איז ביי זיי פערבליבין צו בעזייטיגען אללע גליקין, אונ צום ערשט בעפעסטיגען די תורה. האט זיך ר' יוחנן בן זכאי געמאכט קראנק, אונ מען האט ארוים געלאזט א קול דאס ער איז געשטארבין, האט מען איהם רויך געטראגין אין א ארון אויסער דער שטאט. איז ער גיקומען צו אספסיאנוס אונ האט זיך פאר איהם פארגישטעלט.

ר' יוחנן בן זכאי האט ביי איהם שטארק אויסגענומען, ער פרעגט איהם וואס פערלאנגסט דו? ענטפערט ער איך פערלאנג גאר א קליינע זאך. זאלסט מיר געבין רשות צו זעצין סנהדרין אין דער שטאט יבנה, דארט זאל זיצין דער נשיא, אויף דער שטאט זאלין דיא רומים קיין רעה זאגען אין דיא ענינים פון דת.

אספסיאנוס קוקט אהן, וואס פערלאנגט דא דער בעריהמטער פון אידין אין דער צייט וואס די לאנד איז באלעגערט. דער לעבין פון פאלק הייגגט

געגין זײַנע אויגין, ער האט אָבער ניט פֶערשְׁטַאנֶען דאס דָא ליגט בֶּעהאלטין דער גאנצער כְּלַל יִשְׂרָאֵל אויף עֶוויג. ווי מען האט דאס צום סוף ארויס געזעהן אַז דורך דער שְׁטֶעטְיל יַבְנֶה מיט איהרע חֲכָמִים, איז געבְּלִיבֶּען די גאנצקייט פון תַּנָּאִים ביז חִבּוּר הַמִּשְׁנִיּוֹת, און דער בֶּעשְׁטאנד פון אידין איז געבְּלִיבֶּען דורך דעם אויף עֶוויג, — בְּתוֹךְ כָּךְ איז ארויס א נְבוּאָה פון ר׳ יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי אַז אַסְפַּסְיָאנוּס בְּלַייבְּט קֵיסָר אין רוֹם. אין די רייד איז געקוּמֶען א יְדִיעָה ער זאלל צוריק קוּמֶען ער איז קֵיסָר, איז ער אַוֶועק און דָא האט ער איבֶּער־געלָאזְט זײַן זָאהן טִיטוּס אויף דעם פְּלאץ.

# ב.

יְרוּשָׁלַיִם איז געווען בֶּעפֶעסְטִיגְט ארום און ארום, ווער ווייס אויב די רוֹמִים וואלְטִין גאר געהאט כֹּחַ איהר בייצוקוּמֶען, ווען עס וואלְט זײַן בּיי אידין אַחְדוּת, דען עס איז גאר קיין שאטץ געווען צו די אידעשע מאכט, די גְבוּרָה וואס זיי האבען בֶּעוויזען געגין די רוֹמִים, די אידעשע פעלד מארשאלען זײַנען געווען געוויסע העלדין, אֱלִיעֶזֶר בֶּן שַׁמּוּעַ, יוֹחָנָן מגוש חָלָב, און שִׁמְעוֹן בַּר גִּיוֹרָא. עס האט זיך אָבער אַריין געמִישְׁט א רוּחַ רָעָה פון שִׂנְאַת חִנָּם, עס איז געוואָרין בֶּעזָאנדערע מֶעקְטֶעס איינע האט ניט געגלויבּט די צווייטע, זיי האבין מִלְחָמָה געהאלְטין ווי די לייבין בּיז די לעצטע קְרֶעפְטִין, ביז זייער מאכט האט זיך דאך גיעֶנדיגט.

שִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז האבין די רוֹמִים אוים־געבְּרָאכִין די מויערין פון יְרוּשָׁלַיִם און אַריין אין שְׁטָאט, זיי האבין אוים־געטוידט די גִבּוֹרֵי יִשְׂרָאֵל, די טייערסטע הייזער חָרוּב געמאכט און די חֲשׁוּבִים פון אידין אוים־געטוידט מיט מִיתוֹת מְשׁוּנוֹת, דער מָארד האט זיך געצויגין ביז ראש חֹדֶשׁ אָב, ר״ח אָב האבען זיי אָנגעפאנגען בעלעגערין דעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ ביז זיבען טאג אין אָב, דעם זיבעטין אָב זײַנען זיי אַריין אין הויף פון בֵּית הַמִּקְדָּשׁ און אוים־געטוידט די כֹּהֲנִים בַּעֲבוֹדָתָם, וּלְוִיִּם בְּדוּכָנָם, וְיִשְׂרָאֵל בְּמַעֲמָדָם.

די כֹּהֲנִים האבען אויף דעם ניט געקוקט און גיטאהן די עֲבוֹדָה אָהן איין אָבְּהאלְט. אַז מען האט געטוידט די ערשטע פארטיי זײַנען געקוּמֶען די צווייטע און די דריטע, און זא ווייטער ביז תִּשְׁעָה בְּאָב, זיי האבען זיך מוֹסֵר נֶפֶשׁ גיווען איבער די היילִיגע עֲבוֹדָה, ווען פאר זיי־אין די אויגין גייט פארלארין און גאט ווייס ווען עס וועט זיך צוריק אומקערין צו אידין.

די לעצטע אַרְמֵיי יוּנְגֶע כֹּהֲנִים זײַנען אַריין אין פייער, און האבין געזאגט מיר ווילין ליבער פארברענט ווערין מיט דעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ צו זאמען, איידער צו פאלין אין די הענד פון די רוֹמִים.

דעם פינפצעהנטען טאג תשעה באב אין יאהר 3828 האבען זיי דעם בית המקדש חרוב געמאכט, אונד אזוי זיינען מיר געבליבען פארוויסט אונד פארשפרייט, פון דאן איז אוועק גענומען געווארען פון אונז דער כבוד, ביז השי"ת וועט זיך איבער אונז מרחם זיין.

דארום איז ביי אונז פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באב, דריי וואכען וועלכע מען ריכט אב אבלות, אונד פון ר"ח אב ביז תשעה באב נאך הארבער, אונד תשעה באב א תענית מיט ענוים עהנליך צו יום כפור.

ג.

די השגחת הבורא איז מיטין האנד נאך צו טאפען, אין דעם אייגענעם טאג איז ביידע בתי מקדשים חרוב געווארען, אונד נאך פיל צרות איז געשעהען דעם טאג, דעם טאג איז געוועזען די גזירה אין די צייט פון מרגלים זיי זאלין אויס־שטארבען אין דער מדבר, אין די גאנצע פערציג יאהר איין מאהל אין יעדער יאהר, איז נור אין דעם טאג תשעה באב אויס־געשטארבען א סכום מענשען וויפיל עס איז נגזר געווארען זיי זאלין שטארבען. דעם טאג איז חרוב געווארען די שטאדט ביתר. דעם טאג האבען צו אקערט די רומים די שטאדט ירושלים. די שפעטערע צרות גירוש שפאניע, וואס זיינען ארוים דריי מאהל הונדערט טויזענד פאמיליעס אידען אין איין טאג, איז דאס געוועזען דער טאג תשעה באב.

די כהנים גדולים וואס האבען בעדינט אין צווייטען בית המקדש, איז מען ניט אימשטאנד אויס צו רעכענען, עס האבען געדינט אין דער צייט העכער ווי דריי הונדערט כהנים. גייט אראב דער פון פערציג יאהר וואס האט געדינט שמעון הצדיק. אכציג יאהר וואס יוחנן כהן גדול האט געדינט, צעהן יאהר פון ישמעאל בן פאבי, נוייזט דער חשבון דאס די איבעריגע האבען זייער יאהר ניט אויס־געלעבט, דאס איז אלס נייל זיי זיינען געוועזט גיוועזן דורך געלד.

דער צווייטער בית המקדש איז געשטאנען 420 יאהר, אין דער צייט וואס דער צווייטער בית המקדש איז געשטאנען, זיינען שאהן אידין געוועזען פיל פארשפרייט נאך פון דער צייט פון חורבן בית ראשון. אין שפאניע, אין פראנקרייך, אין בעהמען, אונד אין מצרים, אויסער וועלכע עס זיינען געבליבען אין בבל פון ערשטין חורבן. אלע אידין פון דער גאנצער וועלט האבען געהאט א פערבינדונג מיט ארץ ישראל אונד מיט די סנהדרין.

מיט דעם נצחון האט אספסיאנוס מיט טיטוס געשטאלצירט, זיי האבען ארום געפיהרט אין פרעמדע מלוכות די אידעשע שטרייטפיהרער מיט די כלים פון בית המקדש, נוייזין זייער העלדעשין קראפט, וועלכע די וועלט האט בשום

אופן ניט גֶעגְלויבְּט, מֶען זָאל וֶוען אידִין מְנַצֵחַ זַיין, וִוי עֶס אִיז בֶּעוואוּסְט גֶעוֶוען זַייעֶר שְׁטַארְקֵייט.

רוֹם הָאט זֵיי צוּם אַנְדֵיינְקוּנְג גֶעמַאכְט אויף דֶעם נָאמֶען פוּן טִיטוּס אֵיין טויהֶער אִין שְׁטָאט רוֹם מִיט דֶעם נָאמֶען קֶשֶׁת טִיטוּס, אוֹיסְגֶעקְרִיצְט וִוי עֶר קוּמְט אָן אִין רוֹם מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד, אוּנ טְרָאגֶען דִי כֵּלִים פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ, דֶעם שוּלְחָן, דִי מְנוֹרָה, אוּנ אַ סֵפֶר תּוֹרָה פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנ הִינְטִין גֶעפַאנְגֶען בְּנוֹת צִיוֹן, אויךְ הָאבֶּען זֵיי גֶעמַאכְט מַטְבֵּעוֹת פוּן אֵיין זַייט אויסְגֶעקְרִיצְט וִוי אֵיין פְרוֹיעֶנְצִימֶער זִיצְט אוּנְטֶער אֵיין טֵייטִילְבּוֹים גֶעבּוּנְדִין פַאר־בְּרָאכִין דִי הֶענְד, אוּנ אַ זָעלְנֶער שְׁטֵייט אָנְגֶעשְׁפַּארְט אויף אַ שְׁפִּיז, אוּנ אויס־גֶעשְׁרִיבֶּען דִי וֶוערְטֶער (יוּדָאַקַאפְּטָא), דָאס אִיז טַייטְשׁ יוּדָא אִין גֶעפֶּענְגֶענִישׁ אוּנ אויף דֶער צְוַוייטֶער זַייט דִי צוּרָה פוּן אַסְפַּסְיָאנוּס, דֶער טויהֶער מִיט דִי מַטְבֵּעוֹת זַיינֶען נָאךְ דָא עַד הַיוֹם.

# גָלוּת רוֹמִי.

בַּאלְד פִינְף יָאהר נָאךְ דֶעם חוּרְבָּן הָאט זִיךְ ר׳ יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי בֶּעזֶעצְט אִין יַבְנֶה אוּנ הָאט פַארְקְלִיבִּין אַהִין דִי גְרֶעסְטֶע לַייט אוּנ גֶיזֶעצְט סַנְהֶדְרִין וִוי אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, ר׳ יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי אִיז גֶעוֶוען דֶער ראש הַסַנְהֶדְרִין, וַוייל דֶער נָשִׂיא אִיז גֶעטוֹידְט גֶעוָוארִין אִין דִי עֲשָׂרָה הֲרוּגֵי מַלְכוּת, אוּנ דֶער זוּהן אִיז נָאךְ גִיוֶוען יוּנְג. דָארְט פְלֶעגִין זִיךְ צִיהֶען חַכְמֵי יִשְׂרָאֵל פוּן אַלֶע גֶעגִינְדִין וִוי פְרִיעֶר אִין יְרוּשָׁלַיִם, דִי רוֹמִים הָאט דָאס גֶעוַוייְנְלִיךְ פַארְדְרָאסִין, זֵיי הָאבִּין אָבֶּער גָאר נִיט גֶעקָאנְט מאכִין וַוייל דָאס אִיז גִיוֶוען מִיט דֶעם רְשׁיוֹן פוּן אַסְפַּסְיָאנוּס, זֵיי הָאבִּין אָבֶּער גֶעזוּכְט מִיטְלֶען וִוי אַזוֹי דָאס אוּם צוּ בְּרֵיינְגֶען.

ר׳ יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי הָאט גִילֶעבְּט הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג יָאהר, זַיין לֶעבִּין אִיז גֶעוֶוען אַיינְגֶעטְהֵיילְט. פֶערְצִיג יָאהר הָאט עֶר גֶעהַאנְדִילְט, פֶערְצִיג יָאהר הָאט עֶר גִילֶערְנְט פַאר זִיךְ, פֶערְצִיג יָאהר הָאט עֶר גִילֶערִינְט מִיט דִי וֶועלְט [1].

עֶר הָאט גֶעהַאט פִינְף שְׁטֶענְדִיגֶע תַּלְמִידִים, ר׳ אֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס, ר׳ יְהוֹשֻׁעַ בֶּן חֲנַנְיָה, ר׳ יוֹסִי הַכֹּהֵן, ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן נְתַנְאֵל, ר׳ אֶלְעָזָר בֶּן עֲרָךְ. ר׳ עֲקִיבָא אִיז גִיוֶוען אַ תַּלְמִיד פוּן ר׳ אֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס.

---

1) ר״ה לא.

אין דער צייט האט זיך מגייר גיוועז איינער מיט זיין נאממען אונקלוס, טיטוס'ם א פלימעניק, דער אונקלוס האט געמאכט דעם תרגום, וואס איז ביי אונז הייליג. דער תרגום איז געגעבען געוואָרין אויף דעם בארג סיני 1) אונ מיט א צייט איז פארגעסין געוואָרין.

# עשרה הרוגי מלכות.

די רומים האבען פארשטאנען דאס ווען זיי וועלין ניט אומברייננגען די תורה, וועלין זיי מיט אידין גאר ניט מאכען, אונ דאס ווענד זיך דאך אן די גרעסערע, די אנפירער, איז ארויס א גזירה פון דער ממשלה, מען זאלל אומברייננגען פון אידין די גרעסטע מענשין, איז אין דער צייט א משך יאהרין אויס געטויטעט געוואָרין צעהען די גרעסטע פון אידין. א) ר' שמעון בן גמליאל דער נשיא, ב) ר' ישמעאל כהן גדול, ג) ר' עקיבא בן יוסף, ד) ר' חנניה בן תרדיון, ה) ר' יהודה בן בבא, ו) ר' יהודה בן דמא, ז) ר' חוצפית המתורגמן, ח) ר' חנינא בן חכינאי, ט) ר' ישבב הסופר, י) ר' אלעזר בן שמוע 2), די עשרה הרוגי מלכות דערמאנען מיר יום כפור מיט גיוויין אין פיוט אלה אזכרה, אונ תשעה באב ווערט דערמאנט פון די עשרה הרוגי מלכות אין דער קינה ארזי הלבנון.

די ערשטע זיינען פאר־געקומען רשב"ג אונ ר' ישמעאל כהן גדול, רשב"ג האט מען אב געשניטען די קאפ, ר' ישמעאל כהן גדול האבען זיי אב־געשיילט די הויט פון קאפ לעבעדיגער הייד, אונ ער האט געשוויגען, ווי עס איז געקוממען צום אָרט פון די תפילין, האט ער אויסגעשריען, ווייל דער אָרט איז ביי איהם טייערער ווי דער גאנצער לעבען. די הויט האט זעהער געלויכטין, איז זיא געבאלזאמירט געוואָרין, אונ אוועק געלייגט אין מוזעאום, די מלכי רומי האבען זיך דער מיט גימאסקירט אויף די בעלער.

# בר כוכבא.

צו דער צייט איז געוועזן קיסר אין רום, איינער אדריאנוס, אידין האבין געהאט גרויסע צרות פון די רומים, זיינען זיי ארויס אויף דער מלחמה געגין

1) רש"י קדושין מט. 2) מדרש אלה אזכרה הובא בספר רב פעלים מהר"א בן הגר"א ז"ל.

איהם, דער פֿאַרשׁטעהער איז גיװען איינער אַ געװיסער העלד שמעון בּר כּוֹכבא פון שטאָט ביתּר, װאָס ר׳ עקיבא האָט אויך אויף איהם אַ טעות געהאַט.

ר׳ עקיבא האָט געשטיצט בּר כּוֹכבא׳ן אין אַללע זיינע װעגין, ער איז געװאָרין בּיי איהם אַדױטאַנט, ער האָט איהם גאָר גירעכינט פֿאַר אַ משיח, ער האָט אויף איהם געלייענט דעם פּסוק דרך כּוֹכב מיעקב.

בּר כּוֹכבא איז געװאָרין מלכות איבּער אידין, דאָס איז געװען 52 יאָהר נאָך דעם חורבּן, ער האָט איינגעאָרדענט אַסך חיל מלומדי מלחמה, אונ האָט מלחמה געהאַלטין מיט אַדריאַנוס דריי מיט אַ האַלבּ יאָהר, בּיז אַדריאַנוס האָט גאָר דעם לעבּען פערהאַסט דורך בּר כּוֹכבא.

אַ טהייל חכמי ישראל זיינען געװען דער געגען די דעה פון בּר כּוֹכבא, זיי האָבּען געהאַלטען אַז עס איז נאָך פאַר דער צייט.

דער עלטסטער פון די חכמים איז גיװען ר׳ אליעזר המודעי אַ פּעטער פון בּר כּוֹכבא, האָבּין די כּותים אָן געבּראַכט אַ שׂנאה צװישין בּר כּוֹכבא מיט זיין פּעטער, האָט בּר כּוֹכבא זיין פּעטער געטױדט, װייל ער האָט איהם געהאַלטין פאַר אַ מוֹרד בּמלכות, פון דאַן איז אַראָב זיין גבורה.

דער הױבּט פּאָלק פון אידין האָבּען זיך צו זאַמען געקליבּען אין דער שטאָט ביתּר, זיא איז געװען בּעפעסטיגט מיט גרױסע געהיימנים דער שׂונא זאָל ניט װיסין װי אַזױ מען בּריינגט אַריין די פּריפּאַסין. די כּותים די שׂונאי ישׂראל זיינען אָבּער פאַלש געװען, האָבּין זיי אױס־געזאָגט די ערטער, האָבּין די רוֹמים געהיט ניט אַריין צו לאָזין קיין שפּייז. די שטאָט האָט זעהער געהונגערט, האָבּען זיי קיין קרעפטין געהאַט צו האַלטין דעם שטרייט, זיינען די רוֹמים אַריין אין דער שטאָט ביתּר דעם טאָג תּשעה בּאָב אונ געטױדט הונדערט טױזינדער מענשען, אונ די בּעריהמטע שטאָט ביתּר מיט איהרע שולין אונ ישיבות חרוב געמאַכט, קינדער פון די ישיבות האָבּען זיי פאַרבּרענט איינגעװי־קילט אין די ספרים, מען האָט נאָך דאַצו ניט ערלױבּט מקבּר זיין די הרוגים, אַ גאַנצע זעכציג יאָהר זיינען דיא הרוגים געלעגען אויף דעם פּרייען פּלאַץ, בּיז אַנטונינוס איז געװאָרען קיסר אין רוֹם, האָט ער ערלױבּט זיי מקבּר צו זיין.

די גאַנצע צייט װאָס זיי זיינען גילעגין האָט אַ פױגיל ניט גערירט זייערע קערפּערס, זיי זיינען גאַנץ געבּליבּען, עס האָט פון זיי אפילו קיין שלעכטער ריח גיהערט, דאָס איז דער בּעװאוסטער נס בּיי אידין, װאָס איבּער דעם האָט מען מתקן גיװען די בּרכה פון הטוב והמטיב.

אין דער צייט פון מלחמות ביתּר זיינען בּטל געװאָרין די חכמי יבנה אונ זיי האָבּען זיך מיט דער צייט איבּער געקליבּען קיין אושא.

די תַּלְמִידִים מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער לויפְט מִיט אַייעֶר תּוֹרָה דֶען אִיהר זַייט הַיינְטִיגֶען טָאג דִיא קְוֶועלֶע פון דֶער תּוֹרָה, פְרֶעגֶין זַייא, רֶבִּי וָואס וֶועט זַיין מִיט דִיר? עֶנְטְפֶערְט עֶר אִיךְ בִּין מִיט דֶעם צוּ פְּרִידִין, דֶען מַיין גַאנְג אִיז גֶעוֶוען אויף דֶעם, אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעמַאכְט ווִי אַ שְׁטַיין וֶועלְכֶער פִיהלְט גָאר נִיט בְּעֵת מֶען קֶערְט אִיהם, נור דֶעם צִיֶעל אוּים צוּ פִּיהרִין, די תּוֹרָה זָאל מִיט אִיהרֶע אָרְדֶענוּנְגֶען נִיט אָבְּגֶעהַאקְט וֶוערִין.

די תַּלְמִידִים זַיינֶען אַנְטְלָאפִין, אונ אִיהם הָאט מֶען גֶעפוּנֶען, הָאבִּין די רוֹמִים אִין אִיהם אַריין גֶעשְׁטָאכִין דְרַייא הוּנְדֶערְט שְׁפִּיזִין, זַיי הָאבִּין אִיהם צוּ־לֶעבֶערְט זַיין פְלֵיישׁ ווִי אַ שִׁיטֶקֶע, עֶר הָאט אָבֶּער די מִלְחָמָה פַאר דֶער תּוֹרָה אויסְגֶעפִירְט. אַזוֹי זַיינֶען אויסְגֶעטוֹידְט גֶעוָוארֶען אִין גְזֵירַת שְׁמַד בִּיז צֶעהֶען תַּנָאִים, דָאס אִיז די עֲשָׂרָה הֲרוּגֵי מַלְכוּת וֶועלְכֶע מִיר הָאבִּין זַיי אויסְגֶערֶעכִינְט.

די זֶעקְס תַּלְמִידִים פון ר׳ עֲקִיבָא הָאבֶּען זִיךְ צוּ שְׁפְּרֵייט צְווִישִׁין אִידִין מִיט דֶער תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה וָואס זַיי הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶוען פון זַייעֶר רֶבִּין ר׳ עֲקִיבָא, דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶער יְסוֹד, עֶס זָאל אִיבֶּער בְּלַייבֶּען אויף עֶוִויג תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה, בַּיי דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוּמֶעדוּם.

## ב.

אִין דֶער צַייט פון גְזֵירַת שְׁמַד אִיז אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זֵייעֶר חָרוּב גֶעוָוארֶען, די בִּיסֵיל אִידִין וָואס זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען זַיינֶען פֶּערְיָאגְט גֶעוֶוען פון די שְׁוֶוערְד פון רוֹם, אִיבֶּערהויבְּט די חַכְמֵי הַתַּלְמוּד. — אַנְדֶערֶע זַיינֶען אַוֶועק צוּ ר׳ מַתְיָא בֶּן חָרָשׁ אִין רוֹם, עֶר הָאט דַוְקָא דָארְט גֶעמַאכְט אַ יְשִׁיבָה צוּ ווייזִין אַז דֶער בּוֹרֵא קָאן אויסְהִיטִין די שָׁאף אִין די צֵיין פון וֶואלְף. פִיל זַיינֶען אַוֶועק קַיין בָּבֶל.

אַדְרִיָאנוּס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, זַיין נָאמֶען אִיז גֶעבְּלִיבִּין צוּ שַׁאנְדֶע בַּיי אַלֶע נַאצְיָאנֶען פַאר זַיין מֶערְדֶערַיי גֶעגֶען אִידִין. אויף זַיין אָרְט הָאט גֶעקִינִיגְט אַנְטוֹנִינוּס דֶער עֶרְשְׁטֶער אונ מֶען הָאט בַּאלְד גֶעפִילְט די יְשׁוּעָה.

די חֲכָמִים וֶועלְכֶע זַיינֶען אַנְטְלָאפֶען פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זַיינֶען צוּרִיק גֶעקוּמֶען. צוּם עֶרְשְׁט זַיינֶען גֶעקוּמֶען די זֶעקְס תַּלְמִידִים פוּן ר׳ עֲקִיבָא אונ הָאבֶּען בֶּעזֶעצְט אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג חֲכָמִים אִין דֶער שְׁטָאט אוּשָׁא, אונ אָראבּ גֶעבְּרַאכְט ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל פון בָּבֶל פַאר אַנָשִׂיא.

דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אִין אוּשָׁא הָאט זֶעהֶער גֶעגְרַייסְט די תּוֹרָה, מֶען הָאט דָארְט גֶעמַאכְט תַּקָנוֹת וָואס פָאדֶערְט צוּם דַת, מֶען הָאט דָארְט גִיזֶעצְט סַנְהֶדְרִין ווִי אִין יַבְנֶה. נַאכְהֶער הָאט זִיךְ אִיבֶּער גֶעטְרַאגִין די יְשִׁיבָה קַיין שַׁפְרֶעם.

אַנְטוֹנִינוּס הָאט גֶעגֶעבֶּען אַיין בַּאפֶעהל מֶען זָאל מְקַבֵּר זַיין די הֲרוּגִים פון בֵּיתָר, אַ צְווֵייטִין בַּאפֶעהל הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען דָאס די גְזֵירַת שְׁמַד אִיז בָּטֵל אונ אִידִין אִיז פְרַיי צוּ לֶערְנֶען אונ הִיטִין דֶעם דַת ווִי גֶייטִיג.

ר׳ שִׁמְעוֹן אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין, אִיז גֶעוָוארִין זַיין זָאהן רַבִּי יְהוּדָה אַ נָשִׂיא, וָועלְכֶער דִי וֶועלְט הָאט אִיהם גִירוּפִין רַבֵּינוּ הַקָדוֹשׁ, אוּנ מִיר רוּפִין אִיהם רֶבִּי, אִין זַיין צֵייט אִיז גֶעוֶוען רוּהִיג וַוייל עֶס אִיז גֶעוָוארֶען קֵיסָר אִין רוֹם אַנְטוֹנִינוּס דֶער צְוֵוייטֶער, וֶועלְכֶער עֶר הָאט גֶעהַאט מִיט רֶבִּי׳ן אַשְׁטַארְקֶען פֶערְבִּינְדוּנְג.

רֶבִּי אִיז גֶעוֶוען אַ גְבִיר, דִי וֶועלְט הָאט גֶעזָאגְט, דִי דִינֶער פוּן רֶבִּי׳ זַיינֶען רַייכֶער פַאר דִי מְלָכִים פוּן פָּרַס.

# סדור הַמִשְׁנָה.

רֶבִּי הָאט אִיבֶּער גֶעטְרָאגִין דִי אֵיין אוּנ זִיבֶּעצִיג סַנְהֶדְרִין קֵיין בֵּית שְׁעָרִים. עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס דִי דוֹרוֹת וֶוערִין שְׁוַואכֶער, מֶען וֶועט זִיךְ נִיט קָאנֶען אִיבֶּער גֶעבִּין רִיכְטִיג, אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין דִי תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה, הָאט עֶר אַיינְגִיזֶעהֶען דָאס אִיצְט אִיז צֵייט אַוֶועק צוּ שְׁטֶעלִין דִי תּוֹרָה אוֹיף אַ בֶּעשְׁטַאנְד, אוֹיף דִי שְׁפֶּעטֶערֶע דוֹרוֹת, הָאט עֶר צוּ זַאמֶען גֶעקְלִיבִּין אַללֶע חֲכָמִים פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוּנ גֶעהַאלְטִין זֵיי בַּיי זִיךְ מִיט אַללֶע פֶערְגֶענִיגֶען, אוּנ יֶעדֶער פוּן זֵיי הָאט אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען וָואס עֶר וֵוייס פוּן זַיין רֶבִּין פוּן תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה בִּיז מֹשֶׁה רַבֵּינוּ.

פִּיל פְּרָקִים אִיז דָא אִין שַׁ״ס מִיט דֶעם זֶעלְבִּין לָשׁוֹן וָואס מֹשֶׁה הָאט זֵיי גִילֶערְנְט, דֶער פֶּרֶק אֵיזֶהוּ מְקוֹמָן אִיז גֶעוִויס פוּן דִי 1). אוֹיךְ הָאבִּין זֵיי אַרוֹיס־גֶעגֶעבֶּען וָואס זֵיי וֵוייסִין מִשְׁנָה׳ס, סְבָרוֹת, לִמוּדִים, פוּן דִי גְרוֹיסֶע פוּן אִיךְין, אוּנ מֶען הָאט דָאס אַלֶּעס אוֹיסְגֶעשְׁרִיבֶּען.

דִי גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג מִיט דִי אֵיין אוּנ זִיבֶּעצִיג סַנְהֶדְרִין, הָאבֶּען אִיבֶּער־גֶעזֶעהֶען דִי רִיכְטִיגְקֵייט, אוּנ פוּן דֶעם הָאט רֶבִּי גֶעמַאכְט מִשְׁנָיוֹת. דַארוּם הֵייסְט דָאס מִשְׁנָה, וַוייל דָאס אִיז דִי צְוֵוייטֶע וָואס מֶען הָאט גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, אֵיין בֶּעשֵׁיירוּנְג אוֹיף תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב.

דָאס אִיז גֶעוֶוען אִין יָאהר 3979.

רֶבִּי הָאט דֶעם מִשְׁנָיוֹת אַיינְגֶעטְהֵיילְט אִין זֶעקְס טְהֵייל, א) זְרָעִים, ב) מוֹעֵד ג) נָשִׁים, ד) נְזִיקִין, ה) קָדָשִׁים, ו) טַהֲרוֹת. — „זְרָעִים" בֶּעשְׁטֵייט אִיבֶּערהוֹיבְּט, אַלֶּע דִינִים וָואס גִיהֶער צוּ עֶרְד־פְּרוּכְט. „מוֹעֵד" בֶּעשְׁטֵייט אִיבֶּערהוֹיבְּט דִינִים וֶועלְכֶע גִיהֶער צוּ דִי הֵיילִיגֶע צֵייטִין שַׁבָּתִים, יָמִים טוֹבִים. „נָשִׁים בֶּעשְׁטֵייט אִיבֶּערְהוֹיבְּט

---

1) תפארת ישראל.

אין דינים וואס גייט אן צווישין מאנסליייט אונ פרויענצימער. „נזיקין בעשטייט איבערהויבט אין דינים וואס איז נוגע צו געלד זאכען ביי איינעם מיט דעם צווייטין. „קדשים" בעשטייט אין דינים פון קרבנות אונ דער בית המקדש, שחיטות אונ טרפות. „טהרות" איז דינים פון טומאה וטהרה, אונ נדה.

די זעקס סדרים האט ער איינגעטהיילט אין דריי אונ זעכציג מסכתות, די מסכתות אין גייען הונדערט פיר אונ צוואנציג פרקים. די פרקים האט ער איינגעטהיילט אין משנה'ס בסך הכל איז דא איבער פיער טויזינד משנה'ס.

די לעצטע יאהרין איז רבי שנואך געוואריז, האט ער איבער געקליבען די ישיבה מיט די סנהדרין אין צפורי, ווייל דארט איז פאר איהם דיא לופט בעסער געוועזן.

פאר זיין טוידט האט ער אויף געהויבען די הענד אונ געזאגט רבש"ע, דיר איז דאך בעוואוסט דאס איך האב געארבייט מיט מיינע צעהען פינגער צו שרייבען תורה שבעל פה, אונ האב פון דעם פאר זיך קיין פערגעניגען געשאפט אפילו געגען מיין קליין פינגעריל. יהי רצון, מיין רוהע זאל זיין שלום. איז ארויס א בת קול, ער זאל קומען שלום רוהען אין זיין געלעגער.

# ימי האמוראים.

## א.

די תלמידים פון רבי זיינען געוועזן די לעצטע פון די תנאים, אונ די ערשטע פון די אמוראים. די גרעסטע פון זיינע תלמידים איז געוועזן א תלמיד חבר ר' חייא הבבלי, אונ ר' אושעיא, וואס זיי האבען געמאכט די תוספתא. ר' חנינא, ר' אפס, ר' ינאי בר קפרא, ר' שמעון, ר' גמליאל רבי'ס זאהן, רב אונ שמואל. אונ ר' יוחנן.

ר' גמליאל האט איבער געטראגען די ישיבה מיט די סנהדרין אין טבריה.

ר' חייא האט פיל מרביץ תורה געוועזן, ער האט געאפפערט דעם גאנצען לעבען אויף ארעמע קינדער שטיצין צו דער תורה, ער האט זיי מאכיל ומשקה געוועזן, ער האט זיי געקליידעט אונ גיזעצט מלמדים ראשי הישיבות אין אללע שטעט. ער מיט זיין ארבייט איז גיוועזן איין אויסנאם ביי אידין.

ר' יוחנן האט געהאט א שוואגער ריש לקיש, זיי ביידע האבין פיל מרביץ תורה געוועזן, ר' יוחנן מיט זיינע תלמידים האבין מסדר גיוועזן דעם תלמוד וואס די חכמים פון ארץ ישראל האבען מברר גיוועזן די משניות, דאס הייסט ביי

אונז תַּלְמוּד יְרוּשַׁלְמִי. דָאס איז גֶעוֶוען אַ עֶרֶךְ הונדֶערט יָאהר פְרִיעֶר פַאר דֶעם מְסַדֵּר זַיין דֶעם תַּלְמוּד בַּבְלִי.

דֶער בּוֹרֵא וָואס מִיר פַארְשְׁטֶעהֶען נִיט זַיינֶע דְרָכִים, הָאט גֶעוָואלְט עֶס זָאל אַרוֹיס אַ תַּלְמוּד בַּבְלִי, וָועלְכֶע דֶער פוּן אִיז אוּנְזֶער קְוָועלֶע צוּ וִויסִין וִוי אוֹיף צוּ פִיהרִין זִיךְ אִין אַללֶע הִינְזִיכְטִין. הָאט דָאס גוֹרֵם גֶעוֶוען אַז אִידִין דָא אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען גֵיין עֶרְגֶער.

בַּאלְד אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט וִוי רֶבִּי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז אַנְטוֹנִינוּס אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען.

רוֹם הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען פוּן דָאס נַייע צוּ יָאגִין אִידִין, זַיינֶען פִיל פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַנְטְלָאפִין קַיין בָּבֶל.

דָא אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט מֶען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ יָאגִין דִי נְשִׂיאוֹת, עֶס הָאט גֶעהַאלְטִין נָאךְ רַבִּין נוּר דְרַייא דוֹרוֹת. ר׳ גַמְלִיאֵל, ר׳ יְהוּדָה נְשִׂיאָה, הִלֵּל. דֶער הִלֵּל הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶס עֶנְדִיגְט זִיךְ נְשִׂיאוֹת בַּיי אִידִין, וֶועט נִיט זַיין וֶוער עֶס זָאל הַיילִיגֶען דִי חֳדָשִׁים, אוּנ מְעַבֵּר זַיין דִי יָאהרִין, וֶועלְכֶע דָאס גֶעהֶער צוּם נָשִׂיא 1) אוּנ צוּ דִי סַנְהֶדְרִין, הָאט עֶר אוּנְז אָב גִישְׁטֶעלְט אַיין אוֹיסְגִירֶעכֶענְטִין חֶשְׁבּוֹן, אוּנ פַארְהֵיילִיגְט אוֹיף עֶווִיג דִי חֳדָשִׁים, אוּנ מְעַבֵּר גִיוֶוען דִי יָאהרִין בִּיז עֶס וֶועט קוּמֶען מָשִׁיחַ בֶּן דָוִד, אוּנ מִיר גַייֶען נָאךְ דֶעם חֶשְׁבּוֹן עַד בִּיאַת הַגּוֹאֵל בבי״א.

דָאס אִיז גֶעוֶוען 4118. דָא אִיז צוּ גֶענוּמֶען גֶעוָוארִין דֶער לֶעצְטֶער כָּבוֹד פוּן אִידִין.

## ב.

אִין בָּבֶל זַיינֶען דִי אִידִין גִיזֶעסִין נָאךְ פוּן דֶער צַייט פוּן בַּיִת רִאשׁוֹן, דוֹהִינְגֶער וִוי דִי אִידִין אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, זַיי הָאבִּין תָּמִיד גִיהַאט אַ רֹאשׁ גוֹלָה, דָאס הֵייסְט אַ רֹאשׁ אִיבֶּער אַללֶע אִידִין, וָואס אִיז גִיוֶוען פוּן זֶרַע דָוִד, גֶעזֶעצְט פוּן דִי הַאנְד פוּן מֶלֶךְ פָּרַס, וִוי מִיר הָאבֶּען שָׁאהן בֶּעשְׁרִיבֶּען.

אִין בָּבֶל אִיז אוֹיךְ אִידִין גוּט גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער צַייט וֶוען דֶער צְוַויישְטֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, דִי חֲכָמִים הָאבִּין גִיזֶעהֶען אִימֶער צוּ שְׁטִיצִין בָּבֶל, זִיא זָאל זַיין אַ שְׁטֶענְדִיגֶע יְסוֹד צוּ דֶער תּוֹרָה. אִין נְהַרְדְּעָא פוּן בָּבֶל אִיז דָארְט גִיוֶוען אַ גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה, וָואס הָאבִּין גֶעגְרִינְדֶעט דִי עֶרְשְׁטֶע אַרוֹיסגֶעטְרִיבֶּענֶע פוּן יְרוּשָׁלַיִם, עֶס אִיז אָבֶער נָאךְ נִיט גֶעוֶוען פַאר־פִילְט אִין גַאנְצֶען בִּיז עֶס אִיז גֶיקוּמֶען רַב אוּנ מִיט גֶעבְּרַאכְט דֶעם מִשְׁנָיוֹת, אוּנ גֶעגְרִינְדֶעט אַ גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה אִין בָּבֶל, אִין מָתָא מְחַסְיָא.

---

1) כי היה להם בקבלה סוד העיבור ממרע״ה.

שְׁמוּאֵל יַרְחִינָאָה וָואס עֶר אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער דָאקְטָאר, אוּנ דֶער בֶּערִימְ־טֶער אַסְטְרָאנָאמִיקֶער, הָאט עֶר ווידֶער גֶעגְרִינְדֶעט אַ יְשִׁיבָה אִין נְהַרְדְעָא, דִי יְשִׁיבָה אִיז צוּפִיהרְט גֶעוָוארֶען דוּרךְ אַ רָשָׁע אֵיינֶער פָּפָּא בַּר נֶצֶר. הָאט שְׁמוּאֵל אִיבֶּער גֶעקְלִיבֶּען דִי יְשִׁיבָה אִין פּוּמְבְּדִיתָא.

רַב אוּנ שְׁמוּאֵל זַיינֶען גִיוֶוען דִי גְרֶעסְטֶע אִין זֵייעֶר צַייט, וָואס זֵייעֶר תּוֹרָה אִיז אַרוֹים אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אַז זֵיי זַיינֶען גֶעשְׁטָארְבִּין אִיז גֶעוָוארִין רַב הוּנָא אוֹיף רַבְ'ס שְׁטֶעל, אוּנ רַב יְהוּדָה בַּר יְחֶזְקֵאל אוֹיף שְׁמוּאֵל'ס שְׁטֶעל. נָאךְ זֵיי אִיז גִיוֶוען רַב חִסְדָא אוּנ רַבָּה בַּר רַב הוּנָא אוֹיף רַב הוּנָא'ס אָרְט, אוּנ רַבָּה בַּר נַחְמָנִי אוּנ רַב יוֹסֵף אוֹיף רַב יְהוּדָה בַּר יְחֶזְקֵאל'ס אָרְט. נָאךְ זֵיי אִיז גִיוֶוען דִי גְרֶעסְטֶע רָבָא אִין מְחוֹזָא, אוּנ אַבַּיֵי אִין פּוּמְבְּדִיתָא. — דִי גְרֶעסְטֶע פוּן לֶעצְטִין דוֹר אֲמוֹרָאִים אִיז גִיוֶוען רַבִינָא אוּנ רַב אַשִׁי.

---

# סִדּוּר הַתַּלְמוּד.

---

## א.

רַב אַשִׁי מִיט זַיין יְשִׁיבָה הָאבֶּען צוּ זַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען דִי רֵייד פוּן דִי חֲכָמִים וָואס הָאבֶּען מְבָאֵר גִיוֶוען דֶעם פְּשַׁט פוּן מִשְׁנַיוֹת, אוּנ מְסַדֵר גִיוֶוען נָאךְ דִי מִשְׁנָה'ס גָאךְ, דָאס אִיז דֶער תַּלְמוּד בַּבְלִי.

דֶער תַּלְמוּד בֶּעשְׁטֵייט אִין דֶעם, אִין אִיהם אִיז אַרַיין גֶעקְלִיבֶּען גַאנְץ תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה, וָואס אִיז מְקוּבָּל פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ בִּיז רַב אַשִׁי, פוּן מִשְׁנַיוֹת אוּנ תּוֹסֶפְתָּא, סִפְרָא, סִפְרֵי, מְכִילְתָּא, אוֹיךְ אַלֶּע תַּקָנוֹת אוּנ מִנְהָגִים וֶועלְכֶע דִי נְבִיאִים אוּנ חֲכָמִים הָאבֶּען מְתַקֵן גִיוֶוען. צבּ"ש חֲנוּכָּה, מְגִילָה, אוּנ נָאךְ, וָואס עֶס אִיז גֶעגֶעבִּין גֶעוָואר־ין רְשׁוּת צוּ דִי חֲכָמִים, זֵיי זָאלִין דָאס מַאכֶען ווען זִי וָועלִין אַיינְזֶעהֶען פַאר נֵייטִיג. אוֹיךְ סְבָרוֹת פוּן דִי חֲכָמִים, וָואס זֵיי הָאבִּין אוֹיף גֶעטָאהן צוּ פַארְבְּרֵייטֶערוּנְג אוֹיף תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה.

אוֹיךְ הָאבֶּען זֵיי צוּ זַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען מוּסָר אוּנ מִדוֹת, אוּנ פִיל חָכְמוֹת פוּן דֶער נַאטוּר אוּנ רְפוּאָה, אוּנ סִפּוּרִים, וֶועלְכֶע עֶס אִיז זֵיי בֶּעוואוּסְט גֶעוֶוען אֵיינֶע פוּן דִי אַגָדֶערֶע בִּיז רַב אַשִׁי, דָאס רוּפְט זִיךְ אַגָדְתָּא, אוֹיסֶער וָואס חז"ל הָאבֶּען גֶעמַאכְט מִדְרָשִׁים. דֶער זוֹהַר הַקָדוֹשׁ פוּן רשב"י, אוּנ נָאךְ סִפְרֵי קַבָּלָה.

אִין אַגָדַת חז"ל לִיגְט בֶּעהַאלְטֶען חָכְמוֹת נִפְלָאוֹת, פָאלִיטִישֶׁע זַאכִין פוּן דֶער וֶועלְט אוּנ סוֹדוֹת הַתּוֹרָה. דַארוּם ווֶען אוֹיךְ מֶען פַארְשְׁטֶעהט נִיט זֵייעֶרֶע רֵייד זָאל מֶען נִיט אָנְהֵייבֶּען דֶעם פֶעהלֶער אִין זֵיי חָלִילָה, צבּ"ש ווֶען אִיךְ הֶער פִּהִילָאזָאפִין רֵיידִין וֶועלְכֶע עֶס זֶעהט אוֹיס דָאס זֵיי רֵיידִין אָהנֶע פֶערְשְׁטַאנְד מוּז

איך זאגין דאס איך פארשטעה ניט אבער איין פערשטאנדיגער פון מיר װעט געװיס פארשטעהען, דאס גלײכען װען מיר זעהען די גרויסקייט פון די חכמים אין דער תורה אונ אנדערע חכמות, זיי זיינען געװעזן געטליכע פהילאזאפען װי מיר האבען ערקלערט קאן דאך ניט זיין זיי זאלין ריידין אהן פערשטאנד? מוזין מיר דאך זאגין אז מיר פארשטעהען ניט! אונ װעמען דער בורא גיט חכמה, דער זוכט נאך אונ פארשטעהט.

דער תלמוד איז די נשמה פון אידין, ער הייסט דער ריינער תורה שבעל פה, װאס איז געגעבען געװארין אויף דעם בארג סיני. דארום איז דער תלמוד פאר חתמת געװארען, עס איז געװעזן נאך די חכמי התלמוד גרויסע מענשין די גאונים דער אלפס, רש"י, רמב"ם, אונ קיינער האט ניט צו געלייגט אונ ניט אראב גינומען א װארט פון תלמוד.

װער עס שענדט אדער ער לייקנט אין איין װארט פון חז"ל, איז פיל גלייך װי ער װאלט לייקענען אין דער גאנצער תורה. אונ ער איז אבגעריסין פון פערבינדונג פון בורא מיט אידין, װארום דער הייליגער תלמוד איז די הייליגע רייד פון די חכמים, װעלכע עס גייט בקבלה איינער פון דעם צװייטין א תלמיד פון זיין רבי'ן אונ דער רבי פון זיין רבי'ן כסדר ארויף ביז משה רבינו.

דער תלמוד איז פאר חתמת געװארין אין יאהר 4260.

## ב.

דער רמב"ם רעכינט אויס פון רב אשי װאס האט מחבר גיװען די גמרא, איז דא פערציג דורות װעלכע א תלמיד האט כסדר מקבל גיװען פון זיין רבין ביז משה. אנדערע האבען געפירט מיט סנהדרין, אנדערע מיט ישיבות, אונ דאס זיינען זיי.

רב אשי האט מקבל געװען פון רבא'ן, רבא פון רבה, רבה פון רב הונא, רב הונא פון ר' יוחנן אונ רב אונ שמואל זיינע רבי'ם, ר' יוחנן אונ רב ושמואל פון רבי'ן װאס האט מסדר גיװען דעם משניות, רבי פון ר' שמעון זיין פאטער, ר"ש פון ר' גמליאל זיין פאטער, ר"ג פון ר"ש זיין פאטער. ר' שמעון פון הלל הזקן זיין פאטער אונ שמאי, הלל ושמאי פון שמעיה ואבטליון זייערע רבי'ם, שמעיה ואבטליון פון יהודה בן טבאי מיט שמעון בן שטח, זייא האבין מקבל געװען פון ר' יהושע בן פרחיה אונ נתאי הארבלי. זיי האבין מקבל געװען פון יוסי בן יועזר איש צרדה אונ יוסי בן יוחנן, זיי האבין מקבל געװען פון אנטיגנוס איש סוכו, ער פון שמעון הצדיק. שמעון הצדיק פון עזרא הסופר, עזרא הסופר האט מקבל גיװען פון ברוך בן נריה, ברוך פון ירמיה הנביא, ירמיה פון צפניה, צפניה פון חבקוק, חבקוק פון נחום, נחום פון יואל, יואל פון מיכה, מיכה פון

יְשַׁעְיָה, יְשַׁעְיָה פוּן עָמוֹס, עָמוֹס פוּן הוֹשֵׁעַ, הוֹשֵׁעַ פוּן זְכַרְיָה, זְכַרְיָה פוּן יְהוֹיָדָע, יְהוֹיָדָע פוּן אֱלִישָׁע, אֱלִישָׁע פוּן אֵלִיָּהוּ, אֵלִיָּהוּ פוּן אֲחִיָּה הַשִּׁילוֹנִי, אֲחִיָּה הַשִּׁילוֹנִי פוּן דָּוִד, דָּוִד פוּן שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא, שְׁמוּאֵל פוּן עֵלִי הַכֹּהֵן, עֵלִי הַכֹּהֵן פוּן פִּינְחָס, פִּינְחָס פוּן יְהוֹשֻׁעַ, יְהוֹשֻׁעַ פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, מֹשֶׁה רַבֵּינוּ מִפִּיו שֶׁל הקב"ה. נִמְצָא אַז אַלֶּע פוּן נָאךְ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ בִּיז הַיינְט לֶערְנֶען פוּן הקב"ה זֶעלְבְּסְט.

דֶער צוּנוֹיף־שְׁלוּס פוּן דִי חֲכָמִים וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען דָא אוֹיס־גִירֶעכִינְט פוּן רַב אַשִׁי בִּיז מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, הָאט יֶעדֶער פוּן זֵיי גֶעהַאט טוֹיזֶענְדֶער חֲכָמִים, חֲבֵרִים, תַּלְמִידִים, וֶועלְכֶע מֶען קָאן אָנְפַאנְגֶען רֶעכֶענֶען פוּן אַ אַנְדֶערִין אִין רַב אַשִׁי'ס צַייט בִּיז אַרוֹיף אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים אוּנ רֶבִּים בִּיז מֹשֶׁה רַבֵּינוּ.

דִי לֶעצְטֶע פוּן דִי אֲמוֹרָאִים זַיינֶען גֶעוֶוען דִי תַּלְמִידִים פוּן רַב אַשִׁי מְרֵימָר אוּנ מַר בַּר רַב אַשִׁי, אוּנ דִי חֲבֵרִים פוּן דֶער יְשִׁיבָה.

נָאךְ חֲתִימַת הַתַּלְמוּד אִיז שָׁאהן דֶער נָאמֶען אֲמוֹרָא אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאבִּין זִיךְ דִי חֲכָמִים גֶערוּפִין מִיט דֶעם נָאמֶען רַבָּנָן סְבוֹרָאִי, דָאס הֵייסְט זֵיי עֶרְקְלֶערִין דֶעם פְּשַׁט פוּן תַּלְמוּד, וַוייל דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד הָאבֶּען גַאנְץ קוּרְץ גִירֶעדְט, אוּנ מִיר אִין דִי שְׁפֶּעטֶערֶע דוֹרוֹת זַיינֶען מְחוּיָב נָאךְ צוּ זוּכִין, פַארְשְׁטֶעהן דִי כַּוָּנָה פוּן זֵייעֶרֶע רֵייד.

דָאס הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגִין אַ עֶרֶךְ הוּנְדֶערְט יָאהר.

דֶער עִיקָר מְקוֹם תּוֹרָה אִיז דַאן גִיוֶוען אִין בָּבֶל, אִין דִי שְׁטָאט סוּרָא אוּנ פּוּמְבְּדִיתָא, עֶס הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעצוֹיגִין דֶער אִירֶעשֶׁער כָּבוֹד, זֵיי הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאט אַ רֹאשׁ גוֹלָה פוּן זֶרַע דָוִד, אוֹיךְ רָאשֵׁי יְשִׁיבוֹת אִין סוּרָא אוּנ אִין פּוּמְבְּדִיתָא, מִיט נָאךְ פִיל פֵיינֶע אָרְדֶענוּנְגֶען.

---

# יְמֵי הַגְּאוֹנִים.

---

נָאךְ דִי רַבָּנָן סְבוֹרָאִי הָאט זִיךְ נָאךְ אִין בָּבֶל גֶעצוֹיגֶען דוֹרוֹת חֲכָמִים מִיט דֶעם טִיטוּל גְאוֹנִים, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעפִיהרְט מִיט דִי זֶעלְבֶּע אָרְדֶענוּנְג.

אִין דֶער צַייט פוּן דִי גְאוֹנִים הָאט זִיךְ מְגַיֵּיר גִיוֶוען אִין יָאהר 4491 דֶער מֶלֶךְ פוּן כּוּזָרִים אִין קְרִים מִיט זַיין נָאמֶען בּוּלָן, עֶר מִיט זַיין קֵייזֶערְלִיכֶע סְוִויטֶע. דִי מְלוּכָה הָאט זִיךְ בַּיי זֵיי גֶעצוֹיגִין אַ עֶרֶךְ דְרַיי הוּנְדֶערְט יָאהר, בִּיז זֵיי זַיינֶען גֶעוָוארִין אוּנְטֶער טַאן בַּייא רוּסְלַאנְד. דֶעם מֶלֶךְ בּוּלַן'ס אֵיין אֵיינִיקִיל הַצַּדִּיק עוֹבַדְיָה, הָאט אַרָאבּ גֶעבְּרַאכְט חֲכָמִים אוּנ בַּאזֶעצְט אִין דֶער לַאנְד.

אין דער צייט האבען זיך די מחמברנים מתקנא געווען אין איהרעשין כבוד און האבען געטויט דעם ראש הגולה, פון דאן אן איז דער נאמען ראש הגולה בטל געווארען.

די ישיבות איז נאך געווען אויף איין אָרט, אין סורא איז דאן געווען ראש ישיבה רב סעדיה גאון, אז רב סעדיה גאון איז געשטארבען איז שוער געווארין אויסצוהאלטין די ישיבה, זיינען ארויס געפארין, פיר גרויסע מענשען פון דער ישיבה צו פארפעסטיגין די שטיצע וועלכע זיי האבען געהאט פון יעווראפע א) ר׳ משה בן חנוך, ער איז געפארין מיט זיין פרויא און זיין זאהן ר׳ חנוך, די פרוי האט זיך דער טרונקין ווענען קדוש השם. ב) ר׳ שמריה ב״ר אלחנן. ג) ר׳ חושיאל. דער פירטער איז אונ־בעוואוסט.

דער בורא דער משגיח וואס שליסט אימימער צו זאממען אידין מיט דער תורה, האט געוואלט האבען דאס די תורה זאל אימימער מיט גיין מיט אידין וואו נור זיי וועלין זיין, זיינען די פיער לייט געווען די ערשטע סיבה, זיי זיינען געפאנגען געווארין פון רויבער, ביים פארט פון דער שטאט ברי אין איטאליא, דאס איז געווען אין יאהר 4708, האט מען זיי אויס געלייזט אין פיער בעזונדערע ערטער, און מען האט זיי שאהן צוריק ניט געלאזען. ר׳ שמריה׳ן האט מען געלייזט אין אלכסנדרה של מצרים, איז ער געווארין דער חכם הכולל פון מצרים. ר׳ חושיאל׳ן האט מען געלייזט אין אלקיריאן פון אפריקא, וועלכע האט גיהערט צו ישמעאל, איז ער געווארין חכם הכולל אויף ארץ ישמעאל. ר׳ משה מיט זיין זאהן האט מען געלייזט אין קורדאבא אין שפאניען, איז ר׳ משה געווארין רב הכולל אין שפאניען. נאך איהם איז געווען ר׳ חנוך זיין זאהן, דעם פירטין האבען אויסגעלייזט די בני צרפת.

די פיר שבוים האבין פארשפרייט די תורה אין דער וועלט, אין אפריקא האט ר׳ חושיאל מיט זיין זאהן ר׳ חננאל אויף גישטעלט גרויסע תלמידים, פון די תלמידים איז געווען דער אלפס, איז ער ארויס קיין שפאניען און געפיהרט א ישיבה, פון אלפס תלמידים איז געווען דער ר״י מיגאש, וואס פון איהם האט גישעפט דער רמב״ם זיין תורה.

אין דער צייט פון ר״י מיגאש איז געווען דער אבן עזרא, און דער הייליגער משורר ר׳ יהודה הלוי.

מיט א צייט פריער איז אויך אין צרפת, און אין אשכנז אויף געהויבען געווארין די תורה דורך דעם קיסר קארל וואס האט גיהערשט אויף די ביידע מלוכות, ער האט אראב געבראכט רבינו קלונימוס פון איטאליא, און איהם בעזעצט אין מאגענצא פאר די אידין פון אשכנז, און ר׳ מכיר האט ער גיבראכט פון בבל און איהם בעזעצט אין נרבונא אין פראנקרייך, ווייל ער האט איין גיזעהען אז אידין אהן דעם דת זיינען זיי גאר קיין מענשין ניט.

דָארְט דִי יְשִׁיבָה פוּן בָּבֶל אוּנ סוּרָא אִיז מִיט דֶער צַייט אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען נוּר דִי צְווייטֶע יְשִׁיבָה אִין פּוּמְבְּדִיתָא הָאט נָאךְ גֶעהַאלְטִין נַייל דָארְט זַיינֶען גֶעוֶוען דַאן רָאשֵׁי הַיְשִׁיבוֹת רַב שְׁרִירָא גָאוֹן אוּנ זַיין זָאהן רַב הַאי גָאוֹן. נָאךְ רַב הַאי גָאוֹנ'ס טוֹיְדט הָאבֶּען זַיי גֶעוָואלְט מַאכֶען ר' חִזְקִיָה'ן פַאר אַ ראֹש גוֹלָה אוּנ אַ גָאוֹן, הָאט אִיהם דֶער מַלְכוּת גֶעטוֹיטְדט אוּנ עֶס אִיז בָּטֵל גֶעוָוארִין דֶער אָרְדֶע־נוּנְג, אוּנ דִי יְשִׁיבוֹת פוּן בָּבֶל אִיז אִין גַאנְצֶען אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען.

דִי צַייט פוּן דִי גְאוֹנִים הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען אַ עֶרֶךְ 500 יָאהר.

# פּוֹסְקִים רִאשׁוֹנִים.

## א.

אִין דֶעם זֶעלְבֶּען יָאהר וָואס דִי יְשִׁיבוֹת פוּן בָּבֶל אִיז בָּטֵל גֶעוָוארִין, אִיז גֶעבָּארִין גֶעוָוארִין רש"י (רבינו שלמה ב"ר יצחק) דָאס אִיז אִין יָאהר 4800. רש"י אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער בֶּעשַׁייְדֶער דֶער וֶועלְט רֶבִּי פוּן תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב „תנ"ך" מִיט תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה גְמָרָא. רש"י אִיז גִיוֶועזֶן אִין דִי יוּנְגֶע יָאהרִין אַ תַּלְמִיד בַּיי דִי תַּלְמִידִים פוּן רַבֵּינוּ גֵרְשׁם מְאוֹר הַגּוֹלָה אִין מַאגֶענְצָא, דָאס אִיז דֶער רַבֵּינוּ גֵרְשֹׁם וָואס הָאט גֶעמַאכְט פִיל תַּקָנוֹת בַּיי אִידִין, עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִי תַּקָנָה נִיט צוּ נֶעמֶען קַיין צְווייא פְרוֹיעֶן 1)

אִין דֶער צַייט פוּן רַבֵּינוּ גֵרְשֹׁם אִיז גֶעוֶוען ר' שְׁמוּאֵל הַנָגִיד דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט דֶעם כְּלָלֵי הַתַּלְמוּד, עֶר אִיז גִיוֶוען אַ מִשְׁנֶה לְמֶלֶךְ אִין שְׁפַּאנְיֶען, אִין דָער אֵיינֶעגֶער צַייט אִיז גֶעוֶוען דֶער מְחַבֵּר פוּן חוֹבַת הַלְבָבוֹת, דֶער חוֹבַת הַלְבָבוֹת אִיז אִיבֶּער גֶעזֶעצְט אִין פִיל שְׁפְּרַאךְ.

נָאךְ רש"י אִיז גִיוֶוען אַ קָאמְפַּאנְיֶע חֲכָמִים מִיט דֶעם נָאמֶען בַּעֲלֵי הַתּוֹסָפוֹת, דִי עֶרְשְׁטֶע זַיינֶען גֶעוֶוען רש"י'ס אֵיינִיקְלִיךְ, דֶער רַבֵּינוּ תַּם דֶער רשב"ם דֶער ר"י, בְּסַךְ הַכֹּל אִיז דָא בַּעֲלֵי תּוֹסָפוֹת בִּיז צְווייא הוּנְדֶערְט.

אִין רש"י'ס צַייט אִין יָאהר 4856 אִיז גִיוֶוען דִי גְזֵירַת מַסַע הַצְלָב (קְרַייצוּנְג), דִי קַאתוֹילִין זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף מִלְחָמָה אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף טִירְקַיי פַארְבַּיי־גֵייעֶנְדִיג זַיינֶען זַיי בֶּעפַאלִין אִידִין זַיי זָאלִין פֶערְלָאזִין דֶעם דַת אוֹיב נִיט וֶועט מֶען זַיי טוֹיְדְטִין, הָאבֶּען זִיךְ אִידִין מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶוען לַאֲלָפִים וְלִרְבָבוֹת אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, גַאנְצֶע שְׁטֶעט הָאבֶּען זִיךְ פְרִיעֶר אוֹיסְגִיטוֹיְדְט, זַיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פִילֵייכְט וֶועלִין זַיי נִיט קָאנֶען בַּיישְׁטֶעהֶען בַּיי דֶעם נִסָיוֹן, דַאן אִיז חָרוּב גֶעוָוארִין

1) די מעשה פון שטול וואס איז געררוקט אויף איהם איז געווים שוא ושקר.

די שְׁטֶעט מִיץ ווירְמַיְיזָא מַאגֶענְצָא אונ נָאךְ פִּיל שְׁטֶעט אַיינְגִיפְלַאנְצְטֶע מִיט תּוֹרָה אונ מַעֲשִׂים טוֹבִים, אויף דֶעם אִיז בַּיי אוּנְז דָא סְלִיחוֹת להתנ׳ו.

אִין יָאהר 4907 זַיינֶען זַיי ווידֶער גֶעגַאנְגֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אָנְגֶעמֶען זִיךְ פַאר די נוֹצְרִים, אונ אויךְ גִיוֶוענְדִיג בֶּעפָאלִין אִידִין ווִי דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאהל, אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען עֲלִילוֹת דם, וועלְכֶע מִיר לַיידִין נָאךְ עַד הַיּוֹם אִין אַנְדֶערֶע מְדִינוֹת פון דֶעם.

# ב.

אִין יָאהר 4895 אִיז גֶעבָּארִין גֶעוָוארֶען אִין שְׁפַּאנְיֶען דֶער רמב״ם, דָאס אִיז רבינו משֶׁה בַּר מַיְימוֹן, עֶר בֶּעלַייכְט די וועלְט מִיט זַיינֶע הַיילִיגֶע סְפָרִים אִין תּוֹרָה אונ אִין חָכְמָה, דֶער סֵפֶר יַד הַחֲזָקָה וָואס מִיר רוּפִין אִיהם רמב״ם, אִיז צוּזַאמֶען גִינוּמֶען רַיינֶע הֲלָכוֹת אויף אללֶע תרי״ג מִצְוֹת פון דֶעם קְוואל פון תַּלְמוּד אויסֶער די [illegible] ווייס מֶען פון סֵפֶר ווִי אויף צו פִירִין זִיךְ נָאךְ דֶעם [illegible] חז״ל, אִין מִדּוֹת אונ דֵעוֹת אונ מִנְהָגִים.

עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם מוֹרֶה נְבוּכִים אִין חֲקִירַת אֱלָהוּת, אונ נָאךְ פִּיל סְפָרִים.

די לֶעצְטֶע יָאהרִין אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ קֵייזֶערְלִיכֶער דָאקְטָאר אִין מִצְרַיִם, עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין יָאהר 4965, זַיין רוּהֶע אִיז אִין טְבֶרְיָה.

אֵיידֶער עֶס אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען די זָאנְגֶע פון רמב״ם, הָאט אויפְגֶעשַׁיינְט די זָאנְגֶע פון רמב״ן דָאס אִיז רַבֵּינוּ משֶׁה בַּר נַחְמָן, עֶר אִיז גֶעבָּארִין גֶעוָוארִין צֶעהֶען יָאהר פַאר די פְּטִירָה פון רמב״ם, עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ תַּלְמִיד פון ר׳ מֵאִיר הַלֵּוִי, דֶער תַּלְמִיד פון ר״י מִיגַאשׁ.

דֶער רמב״ן הָאט גֶעמַאכְט אַ פֵּירוּשׁ אויף דֶער תּוֹרָה, פוּל מִיט יִרְאָה אונ חָכְמָה, אונ נָאךְ סְפָרִים אויף הֲלָכָה אונ אֲגָדָה. דֶער רַבֵּינוּ יוֹנָה וָואס הָאט גֶעמַאכְט דֶעם שַׁעֲרֵי תְּשׁוּבָה, אִיז גֶעוֶוען זַיינֶער אַ תַּלְמִיד חָבֵר 1). דֶער רשב״א אִיז גֶעוֶוען דֶעם רמב״ן׳ס אַ תַּלְמִיד מוּבְהָק.

דֶער רמב״ן אִיז נִתְקַבֵּל גֶעוָוארִין אִין דֶער וועלְט, דֶער צְווייטֶער רמב״ם, אַז עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶוען צְווֵיי אונ זִיבֶּעצִיג יָאהר דָאס אִיז גֶעוֶוען אִין יָאהר 5027 אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט עֶר דָארְט אֲפִילוּ קֵיין מִנְיָן אִידִין נִיט גֶעפוּנֶען, אִיז עֶר צוּם עֶרְשְׁטְ אַרוּיף אויף דֶעם הַר הַזֵּיתִים, אונ בֶּעקוּקְט די חוּרְבָה פון בֵּית ה׳, דָארְט הָאט עֶר אוים גֶעגָאסִין זַיין הַארְץ, עֶר הָאט דֶעם לֶעבֶּען גֶעאָפְּפֶערְט עֶר זָאל קָאנֶען עֶטְוָואס אָנְפַאנְגֶען בְּעזֶעצִין די ווִיסְטֶעקַייט, הָאט עֶר גֶעגְרִינְדֶעט אַ גֶעטְלִיכֶע גֶעמַיינְדֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם.

1) עי׳ בשה״ג לחיד״א.

יוּנְגֶע מֶענְשִׁין פוּן אַרוּם הָאבִּין זִיךְ צוּ אִיהם גֶעצוֹיגִין לֶערְנֶען. עֶר הָאט דָארְט נוּר גִילֶעבְּט דְרַייא יָאהר, זַיין נָאמֶען אִיז פארְבְּלִיבֶּען בַּייא אִידִין גִיבֶּענְשְׁט אוֹיף עֶוִויג. עֶר הָאט גִישְׁטְרֶעבְּט אִין זַיין לֶעבִּין אוֹיף צוּ טָאהן פַאר דֶער תּוֹרָה, פַאר אִידִין, אוּנ פַאר אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

דָא אִין שְׁפַּאנְיֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף דֶעם רמב"ן'ס אָרְט, זַיין תַּלְמִיד דֶער רשב"א, דָאס אִיז רַבֵּינוּ שְׁלמֹה בֶּן אַדֶּרֶת. צוּ אִיהם פְּלֶעגְט גֵיין שַׁאֲלוֹת וּתְשׁוּבוֹת פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.

דֶער רשב"א אִיז אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ רֹאשׁ הַפּוֹסְקִים עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דֶער גְרוֹיסֶער פְּהִילָאזָאף, עֶר הָאט אַיינְגֶעזֶעהן דָאס דִי יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען וֶועלִין זִיךְ נֶעמֶען צוּ פִּילוֹסוֹפְיָא, וֶועלִין זֵיי בֶּעזַייטִיגֶען דִי תּוֹרָה, הָאט עֶר גוֹזֵר גֶעוֶוען מִיט אַ אִיסּוּר חֵרֶם מֶען זָאל נִיט לֶערְנֶען קֵיין פִּילוֹסוֹפְיָא, פַאר אַלְט פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, בִּכְדֵי מֶען זָאל פְרִיעֶר אַ בִּיסִיל אָנְזֶעטִיגִין זִיךְ מִיט דֶער תּוֹרָה, דַאן וֶועט אִיהם נִיט שַׁאדִין.

אִין דֶער צַייט אִיז גֶעקוּמֶען פוּן אַשְׁכְּנַז אִין שְׁפַּאנְיֶען דֶער רַבֵּינוּ אָשֵׁר, דָאס אִיז דֶער רא"ש וָואס אוֹיף ש"ס. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ תַּלְמִיד פוּן מהר"ם מֵרוֹטִינְבּוּרְג [1]. הָאט אִיהם דֶער רשב"א אָנְגֶענוּמֶען בְּכָבוֹד. אוּנ עֶר אִיז גֶעוָוארִין רַב אִין טוֹלִידָא. דֶעם רא"ש'ס זוּהן ר' יַעֲקֹב דָאס אִיז דֶער בַּעַל הַטּוּרִים, הָאט גֶעמַאכְט דִי אַרְבָּעָה טוּרִים, אוֹיף דִי מִצְוֹת וָואס אִיז נוֹהֵג אִין גָלוּת, אִין דֶעם אָרְט וִוי דֶער רמב"ם הָאט גֶעמַאכְט אוֹיף אַללֶע תרי"ג מִצְוֹת.

# גֵירוּשׁ שְׁפַּאנְיֶען.

אִין דֶער צַייט הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען גֵירוּשׁ שְׁפַּאנְיֶען, הָאבֶּען זִיךְ פִיל אִידִין לְפָנִים גֶעטוֹיפְט, אוּנ בֶּעהַאלְטִין אִין דִי קֶעלֶערִין הָאבֶּען זֵיי גֶעדִינְט דֶעם בּוֹרֵא, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶערוּפִין דִי אֲנוּסִים, פִיל זַיינֶען אַנְטְלָאפִין אִין פְרֶעמְדֶע מְדִינוֹת אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, צְווִישֶׁען זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען גְרוֹיסֶע פוּן אִידִין, דִי גְרוֹיסֶע זַיינֶען גֶעוֶוען גִישֶׁעצְט בַּייא פְרֶעמְדֶע מְלָכִים.

1) דער מהר"ם מרוטינבורג איז געשטארבין אין פעסטונג, דער קיסר רודאלף אין אשכנז האט איהם געזעצט אין פעסטונג, אידין זאלין איהם לייזין מיט געלד, האט ער אבער פארזאגט מען זאלל איהם ניט לייזין, בכדי ווי זאלין דאס נאך אמאהל ניט טאהן. זיבען יאהר איז ער געזעסין. אונ צו קבורה איז ער געקומען אין פערצין יאהר ארום אונ איז גאנץ געווען.

דִי כּוֹמְרִים פְּלֶעגִין צְווִינְגֶען דִי גְרוֹיסֶע פוּן אִידִין, צוּ דִיסְפּוּטִירִין זִיךְ וֶועגִין דַת, אַז זַיי פְּלֶעגִין פְּלֶעגִין זַיי פַּאר בֵּעם נָאךְ מֶעהר דְרִיקֶען. דָאס הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגִין בִּיז דֶעם יָאהר 5252, דֶעם בִּיטֶערִין טָאג תִּשְׁעָה בְּאָב זַיינֶען אַרוֹיס פוּן שְׁפַּאנְיֶען דְרַייא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פַאמִילְיֶען, אִין זַיי אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אַבַּרְבַּנֶאל אַ פִינַאנְס מִינִיסְטֶער אוּנ אִיז צוּ פוּס גֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא אָרֶעמֶע בְּרִידֶער.

דִי צָרוֹת וָואס זַיי זַיינֶען אוֹיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען אִין וֶועג אִיז נִיט אוֹים צוּ שְׁרַייבֶּען. אֵיינֶער אַ אַלְטֶער אִיז גֶעוֶוען פַארְוָוארְפִין פוּן יַם מִיט זַיינֶעם אַ זָאהן, דֶער אַלְטֶער הָאט דְרַייא טֶעג נִיט גִיגֶעסִין אִיז אַוֶועק דֶער זָאהן אוּנ פַארקוֹיפְט זַיינֶעם אַ זָאהן פוּן אַכְט יָאהר פַאר אַ שְׁטִיקִיל בְּרוֹיְדט. קוּמֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעפוּנֶען מֶען הָאט דֶעם אַלְטֶען גִיטוֹידְט, הָאט עֶר אָבְּגֶעטְרָאגִין דִי בְּרוֹידְט אוּנ גֶעבֶּעטִין דֶעם זָאהן צוּרִיק, הָאט מֶען אִיהם נִיט גֶעגֶעבִּין.

אוֹיךְ זַיינֶען אַ פָאר אַלְטֶע לַייט מִיט אַ טָאכְטֶער גִילֶעגִין אוֹיף אַ פֶעלְד, זַיינֶען גֶעקוּמֶען רוֹיבֶּער אוּנ זַיי בֶּערוֹיבְּט, אוּנ גֶעפַּיינִיגְט דִי טָאכְטֶער. הָאט זִיךְ אַ רוֹיבֶּער צוּרִיק גִיקֶערְט אוּנ אִיהר גִיטוֹידְט, פִּילַייכְט וֶוערְט זִיא שְׁוַואנְגֶער וִויל עֶר נִיט עֶס זָאל פוּן אִיהם זַיין אַ זֵכֶר בַּיי אִידִין.

עֶס אִיז פוּן זַייא אַ צֶעהנְטִיל גֶעבְּלִיבֶּען, זַייא זַיינֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבִּין אִין וֶועג.

דֶער אַבַּרְבַּנֶאל אִיז גֶעקוּמֶען אִין אִיטַאלְיָא אִיז עֶר דָארְט גֶעוָוארִין פִינַאנְס־מִינִיסְטֶער. פוּן דִי אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּענֶע אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעוִויסֶער ר׳ יוֹסֵף 1), אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין טִירְקַיי אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען גֶענֶערַאל־גוּבֶערְנַאטוּר, עֶר הָאט גֶעבּוֹיט דִי חוּרְבָה פוּן דֶער שְׁטָאט טְבֶרְיָה, אוּנ בֶּעזֶעצְט דָארְט אִידִין.

~~~

# סִדוּר שֻׁלְחָן עָרוּךְ.

---

אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ שָׁאהן מִיט דֶער צַייט רֶעכְט בֶּעזֶעצְט מִיט אִידִין, עֶס הָאט שָׁאהן גֶעהַאלְטֶען דֶער בַּיי צוּ זֶעצִין סַנְהֶדְרִין נָאךְ דִי אַלְטֶע אָרְדֶענוּנְג גָאךְ, ר׳ יוֹסֵף קָרָא דָאס אִיז דֶער מְחַבֵּר פוּן שׁוּלְחָן עָרוּךְ, אִיז דַאן גֶעוֶוען רַב אִין צְפַת, הָאט עֶר מַסְכִּים גֶעוֶוען. אַנְדֶערֶע אָבֶּער הָאבִּין נִיט מַסְכִּים גֶעוֶוען, אִיז דָאס נִיט אוֹים גֶעפִירְט גֶעוָוארֶען.

דָארְט אִין דֶער צַייט אִיז גֶעוֶוען דֶער אַלְשִׁיךְ הַקָדוֹשׁ מַגִיד, אוּנ דֶער ר״י

---

1) דער יוסף לקח אויף אסתר איז געמאכט געווארען אויף זיין נאממען.
~~~

הַקָדוֹשׁ וָואס הָאט פַארְשְׁפְּרֵייט חָכְמַת הַקַבָּלָה, אִיז גֶעוֶועֶן דָארְט אַ בַּעַל הַבַּיִת, דֶער דוֹר אִיז גֶעוֶועֶן אַיין דוֹר פוּן חֲכָמִים, גְדוֹלִים, גְאוֹנֵי אֶרֶץ, דָאס מֶעהרְסְטֶע זַיינֶען גֶעוֶועֶן אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דֶער מבי"ט, דֶער מהרי"ט, דֶער מְנוֹרַת הַמָאוֹר, דָער רמ"ק, אוּנ נָאךְ פִיל.

רַבֵּינוּ עוֹבַדְיָה מִבַּרְטְנוּרָא דָאס אִיז דֶער רע"ב אוֹיף מִשְׁנָיוֹת, אוּנ דֶער מהר"י בֶּן חָבִיב, זַיינֶען אִין דָער צַייט גִיוֶועֶן רַבָּנִים אִין יְרוּשָׁלַיִם.

אִין יָאהר 5302 הָאט ר' יוֹסֵף קָרָא צוּנוֹיף גֶעקְלִיבִּין אַלֶע דִינִים וֶועלְכֶע עֶס אִיז נוֹהֵג אִין גָלוּת, אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁרִיבִּין אוֹיף רֵיין, אוּנ גֶעמַאכְט פוּן דֶעם אַ „שׁוּלְחָן עָרוּךְ", דָאס הֵייסְט אַ גֶעגְרֵייטֶער טִישׁ פַאר אִידִין, צוּ וִויסִין וִוי אוֹיף צוּ פִיהרֶען זִיךְ אִין אִידֶעשְׁקֵייט אוּנ מֶענְשְׁלִיכְקֵייט.

דֶער שׁוּלְחָן עָרוּךְ אִיז אַיינְגֶעטְהֵיילְט אִין פִיער טְהֵייל. א) אוֹרַח חַיִים, ב) יוֹרֶה דֵעָה, ג) חשֶׁן מִשְׁפָּט. ד) אֶבֶן הָעֶזֶר.

או"ח בֶּעשְׁטֵייט אִיבֶּערהוֹיבְּט אַלֶע דִינִים וִוי אוֹיף צוּ פִיהרֶען זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען לֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶען טָאג, אוּנ שַׁבָּת, אוּנ יוֹם טוֹב.

יו"ד בֶּעשְׁטֵייט אִין דִינִים פוּן כָּשֵׁר, טְרֵייף, וָואס מֶען מָאג, וָואס נִיט.

חוֹשֶׁן מִשְׁפָּט בֶּעשְׁטֵייט אִין דִינִים פוּן גֶעלְד זַאכֶען.

אֶבֶן הָעֶזֶר בֶּעשְׁטֵייט אִיבֶּערהוֹיבְּט אִין דִינִים, וָואס אִיז נוֹגֵעַ צְווִישִׁין מַאנְס־פֶּערְזָאנֶען אוּנ פְרוֹיֶענְצִימֶער.

אִין דֶער צַייט אִיז אִידִין גֶעוֶועֶן פְרֵיי אִין דִי עִנְיָנִים פוּן דַת אִין מְדִינַת פּוֹלִין, דָארְט זַיינֶען דַאן גֶעוֶועֶן דִי גְרֶעסְטֶע, דֶער מהרש"ל, דָאס אִיז רַבֵּינוּ שְׁלֹמֹה לוּרְיָא, אוּנ דֶער רמ"א ר' מֹשֶׁה אִיסֶרְלִן.

צוּם מהרש"ל אוּנ דֶעם רמ"א אִיז גֶעגַאנְגֶען שְׁאֵלוֹת וּתְשׁוּבוֹת פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. דֶער רמ"א אִיז גִיוֶועֶן אַ גָאוֹן אוּנ אַ פִילוֹסוֹף, עֶר אִיז גִיוֶועֶן רַב אִין קְרָאקָא.

דֶער רמ"א הָאט צוּ גִיזֶעצְט הַגָהוֹת צוּם שׁוּלְחָן עָרוּךְ. אוּנ דֶער שׁוּלְחָן עָרוּךְ אִיז גֶעוָוארִין אַ גַאנְצֶע כְּלִי, אַ גֶעגְרֵייטֶער טִישׁ פַאר דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוֹיף עֶווִיג.

פוּן דֶער צַייט וָואס דֶער שׁוּלְחָן עָרוּךְ אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארִין בִּיז יֶעצְט אִיז ב"ה גֶעוֶועֶן חֲכָמִים, גְדוֹלִים, גְאוֹנִים, הָאט זִיךְ נָאךְ קֵיינֶער נִיט אוּנְטֶער־גִישְׁטֶעלְט אִיבֶּער פַּסְקֶנֶען אַ דִין פוּן שׁוּלְחָן עָרוּךְ. יֶעדֶער זוּכְט נוּר צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען דֶעם שׁוּלְחָן עָרוּךְ.



# דורות האַחֲרוֹנִים.

## א.

נאָך דער צייט פון מאַכען דעם שולחן ערוך אַ עֶרֶךְ 100 יאָהר איז געוועזען דער בעריהמטער פּהילאָזאָף ר׳ מנשה בן ישׂראל רב אין אַמשטרדם. ער האט אויך פיל שפּראַך געוואוסט. ער האט גיפּוּיעלט אין ענגלאנד צו בעזעצין אידין זיין פאַטאָגראַפּיע איז פערבליבען אין קיינעגליבען הויף צום אַנדיינקונג.

ווי גרויס זיין פילוסופיא איז גיוועזען, איז ער דוקא געוועזען דער גרויסער מאַמין, ער גלויבט פּשוט ווי אַ פּשוט׳ער איד און ווייזט פיל זאַכען אויס פּאַקטיש אין זיינע ספרים.

אין יאָהר 5408 איז געוועזען די בעוואוסטע גזירה גזירת ת״ח, עס זיינען אַרויף די קאָזאַקען אויף פּוילין, און האָבען אויסגעלאָזין די האָרץ צו אידין, אויף דער גזירה איז דאָ ביי אונז סליחות געמאַכט.

אין דער צייט האט זיך אַרויס־געשטעלט דער בעוואוסטער שבתי צבי ימ״ש פאַר משיח. און האט צו זיך פיל אידין צו געצויגין, צום ענדע איז ער געפאַלין אין האַנד פון סולטאַן, האָט ער זיך געטויפט. ער איז געשטאָרבין און זיין סעקטע האט זיך געענדיגט.

אין דעם פערלויף איז גיוועזען דער בעריהמטער געטליכער פּהילאָזאָף ר׳ משה חיים לוצאטי, דער מחבר פון מסילת ישרים. און נאָך פיל גרויסע גאונים׳ דער פני יהושע, ר׳ יונתן פּראַגער, ר׳ יעקב עמדין, דער שאגת אריה, דער נודע ביהודה. זיי האָבין געפירט גרויסע ישיבות.

אין דער צייט האָט אַרויסגעשיינט אַ נייע שיטה פון הקדוש ר׳ ישׂראל בעל שם טוב אין דער שטאָט מעזבוז אין מדינת פאָדאָליע, מיט דעם נאָמען חסידות, ער האט געהאַט תלמידים, צדיקים, גאוני ארץ, פון זיינע תלמידים האט זיך יעדער גינומען איין בעזאָנדערין דרך, אין הנהגה ביי אידין.

אַרום ריידין דעם דרך זיינען מיר ניט אים שטאַנד, ווייל עס איז אַ דרך נסתר, נור פון די שיטה דעם תכלית בכלל, זעהען מיר אַרויס אין פּוילין, דאָרט שטייט פעסט אידישקייט ווי מיט הונדערט יאָהר צוריק. די פּריצות, די פאַרשייטקייט וועלכע ברעכט מויערין און רייסט בוימער, האט דאָס נאָך פּוילין ווייניגער געשאַדעט ווי אומעדום. קינדער מאַכט מען בעצייטינס חתונה, נאָך דעם דין נאָך, מען נעמט מאַנען פאַר די טעכטער בני תורה.

## ב.

מיט אַ צייט האָט אַרויסגעשיינט אויף דער וועלט דער ווילנער גאָון, רבינו אליהו, זיין דרך איז געווען אָהן אַ שום נייעס, ער האָט בעפעסטיגט דעם אַלטין אידעשין גאַנג די תורה, דען דער עיקר איז למוד התורה, די תורה האָט אין זיך איין עלעקטרישע בעלייכטונג, צו בעלייכטין די וועלט בכלל אונ אין יעדער מענשען בפרט, אַרויף צו פירין אויף דעם ריכטיגין וועג, ווען אויך ער איז ווי נייט פאַרקראַכין אונ חלילה פאַרזונקען גאַנץ טיף.

זיין דרך איז געווען צו לערנען מיט דעם ריינעם פשט צו וויסין אונ צו געדיינקען. — דער גאָון האָט פון דער תורה געוואוסט אַלע חכמות.

זיין דרך היראה איז געווען אָב צו היטין איין דין אָדער אַ עצה פון חז"ל מיט מסירת נפש. ער האָט געמאַכט ספרים אויף כל התורה כולה, אונ געוויזין דעם ריכטיגען דרך פון צו פערשטעהען דעם ריינעם פשט אין נגלה אונ אין נסתר, איבערהויפט האָט ער אויף געוויזין די מקורים ווי אַללע דינים פון שולחן ערוך איז גענוממען די קוועלע פון חז"ל, זיין גייסט האָט ער איבער געגעבין זיינע תלמידים, ער האָט געשיקט פון די תלמידים קיין ארץ ישראל, זיי האָבען זיך דאָרט בעזעצט אונ האָבען געזעצט לומדי תורה.

דער גאָון האָט אַליין אויך געוואָלט גיין אין ארץ ישראל. אָבער מן השמים האָט מען איהם מעכב געווען.

די פעולה פון גאָון זעהט מען אַרויס דורך די ישיבה וואַלאָזין, וואָס האָט מיסד געווען זיין תלמיד הגאון ר' חיים וואָלאָזינער.

די ישיבה האָט אַרויסגעגעבין טויזענדער תלמידים די גרעסטע ביי אידין, עד היום די תורה אונ ישיבות ביי אידין אין ליטא אונ זאַמוט, איז געצויגין פון קוואל פון ישיבת וואַלאָזין. בעשרייבין ריכטיג דעם גאָון איז אונמעגליך.

אין דער צייט איז געווען הגאון הגביר ר' יהושע צייטלין פון שקלאוו אין קייזערליכען הויף ביי עקאַטערינען האפראַטה.

---

# תקופה אחרונה:

## א.

אין אויסלאַנד האָט זיך אין דער צייט געפיהרט אין אָרדענונג, די גאונים פון יעדער דור האָבען אייגגעהאַלטין ווי ווייט מעגליך. עס האָט שאָהן אין זייער צייט אָנגעפאַנגען וואָס ווייטער אויסברעכין אין דת.

מיט אַ צייט האָט אָנגעפאַנגען וועהען דער ווינד פון די נייע שיטה תורה מיט השכלה, פון געוויסין מענדעלזאָן, בעשרייבין איהם מיט זיין שיטה איז געוויס ניט נייטיג, דען וואס האבין מיר צו ריידין וועגין דער פעולה, ווען מיר זעהען דעם תכלית, די נייע מעטאָדע האָט זיך פאַרשפּרייט, ביז'לעך נויס האבין זיי פאַרגעסין דעם תלמוד.

אַז מענדעלזאָן איז געשטאָרבין זיינען זיי אַרויס אָפען אונ האָבען פערהאַכט דעם תלמוד, דאס איז געוועזען די ערשטע סיבה וואס אין פריסין איז אונטער געגאַנגען דער דת.

אין דער צייט האָט נאַפּאָלעאָן דער ערשטער זייער גישעצט אידין, ער האָט געוואָלט זיין דער גאַנצער אידישער פאַרשטעהער, אַריין פירין אידין אין ארץ ישראל. נור אידין האָבען צו דעם קיין געדולד געהאַט. אידין האָבען ניי איהם זעהער פיל נושא חן געוועזין. אין יאהר 5567 האָט ער געזעצט אין פּאַריז זיבעציג סנהדרין פון אידין, דער גרעסטער פון זיי איז געוועזען איינער ר' דוד שיצינהיים, זיי האָבען אויף געהאַלטין עס זאָל ניט אויס ברעכין דער דת ווי אין פריסין.

אין דעם פערלויף איז גיוועזען דער בעוואוסטער אידעשער פאַרשטעהער הצדיק השר ר' משה מונטיפיורי, ער האָט געאָפּפערט דעם לעבין פאר דעם כלל ישראל ער איז אַרום געפאָרין אין פיל מלוכות בעזוכין זיינע ברידער.

אין יאהר 5606 איז ער גיוועזען אין פעטערבורג, אונ האָט נושא חן גיוועזען ביי'ם קיסר ניקולאי ע"ה. פון דאָרט איז ער גיפאָרין אין ווילנא אונ אין וואַרשא אונ האָט זיך אין פיל שטעט אָב גישטעלט. אין ווילנא האָט ער פערזאמט ער מיט זיין פרוי די צדקת יהודית צעהן טעג, אַלע גיבאָרענע קינדער אין די צעהן טעג האָט מען אויף זייערע נאמען גערופין.

אין זיין צייט איז גיוועזען הגאון ר' הירש קאַלישער, האָט ער דערוועקט דעם רעיון פון ישוב ארץ ישראל. איז מונטיפיורי געפאָרין וועגין דעם פיל מאָהל אונ עס האָט איהם ניט בעגליקט, נור ווי ווייט מיגליך איז ער גיוועזען אַ שטיצער צו ירושלים אונ צו די אָרעמע אידין. – ער האָט אין זיין לעבין זעהער פיל גיטאָהן פאר אידין. ער האָט גילעבט 102 יאהר, ער איז געבאָרין געוואָרין אין יאהר 5543 אונ געשטאָרבען אין יאהר 5645.

ער איז געשטאָרבען אָהן קינדער, אָבער זיינע מעשים זיינען די קינדער. מיר אידין האָבען איהם צו געדיינקען אויף עוויג, ער האָט אויס געטראַכטין אַ וועג פאר די וועלט גבירים, ווי צו אַרבייטין מיט די מצוה פון צדקה מיט דעם פאַרמאָג אונ מיט דעם גייסט, יעדער אין זיין פאך אין וועלכעם דער בורא שיקט אין איהם אַריין אַ דעה. ווי ביי יעצטיגע געדריקטע צייט געפינען זיך וועלט פאַרשטעהער. דער נדיב עדמונד ראָטשילד איז איבער גיגעבין מיט זיין פאַרמאָג אונ גייסט אויף ישוב ארץ ישראל. די באַראָנין קלארא הירש

# ספר בראשית

## בראשית

### א) וַיֹּאמֶר לָהֶם אֱלֹהִים פְּרוּ וּרְבוּ (א-כח)

די מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, צוּ נֶעמֶען אַיין פְּרוֹי [1] צוּ פְּרוּכְטְבַּארֶען אוּנ מֶעהרִין זִיךְ, דִי צַייט פוּן דֶעם אִיז צוּ דִי אַכְטְצֶעהנְטֶע יָאהר [2]. וֶוען עֶר אִיז שָׁאהן אַלְט צְוַאנְצִיג יָאהר אוּנ נֶעמְט נִיט קֵיין פְּרוֹיא צִיהט עֶר אַרוֹיף אוֹיף זַיין קֶערְפֶּער אַ גֶעטְלִיכֶע קְלָלָה.

די חֲכָמִים זַיינֶען שְׁטַארְק מַחְמִיר אִין דֶער מִצְוָה, וִוי דִי גְמָרָא דֶערְצֵיילְט רַב חִסְדָא הָאט פַארלוֹיבְּט פַאר רַב הוּנָא, דָאס רַב הַמְנוּנָא אִיז אַ גְרוֹיסֶער מַאן אִין לֶערְנֶען, הָאט רַב הוּנָא גִיבֶּעטִין, עֶר זָאל אִיהם שִׁיקִין, הָאט אִיהם רַב חִסְדָא גֶעשִׁיקְט, וִוי רַב הַמְנוּנָא אִיז גֶעקוּמֶען, זֶעהט רַב הוּנָא דָאס עֶר גֵייט ...ז אַ טַלִּית [3], פְרֶאגְט עֶר אִיהם דִי אוּרְזַאכֶע פוּן דֶעם, עֶנְטְפֶערְט אִיהם רַב ...נָא, וַוייל אִיךְ בִּין אוּנ־פַארְהֵייַראט, בַּאלְד הָאט רַב הוּנָא זַיין פָּנִים אָבּ גֶעקֶערְט אוּנ אִיהם פַארְזָאגְט, בִּיז עֶר וֶועט נֶעמֶען אַפְרוֹי זָאל עֶר פַאר אִיהם ...ט קוּמֶען.

ווִיֶער דֶערְצֵיילְט אוּנְז דִי גְמָרָא אִין בְּרָכוֹת, חִזְקִיָּה הַמֶּלֶךְ וַואר שְׁטֶערְבּ־לִיךְ קְרַאנְק, אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא אוּנ זָאגְט, בַּאפֶעהל אִין דַיין הוֹיז וָואס דוּ הָאסְט גֵייטִיג, דֶען דוּ וֶועסְט שְׁטַארְבֶּען, אוּנ וֶועסְט אוֹיךְ אִין דִי אֵייבִּיגֶע וֶועלְט נִיט לֶעבֶּען, וַוייל דוּ הָאסְט דִי מִצְוָה נִיט מְקַיֵּים גֶעוֶוען. חִזְקִיָּה פַארֶענְטְפֶערְט זִיךְ אוּנ זָאגְט, וַוייל אִיךְ זֶעה בְּרוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַז אִיךְ וֶועל נִיט הָאבֶּען, קֵיין גָאטֶעס־פָארְכְטִיגֶע קִינְדֶער, דַארוּם נֶעם אִיךְ קֵיין פְּרוֹי. יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא עֶנְטְפֶערְט אִיהם אָבֶּער, דוּ בִּיסְט נוּר שׁוּלְדִיג דִי גֶעטְלִיכֶע גֶעבָּאט צוּ טָאהן, אוּנ וֶועגֶען גָאטֶעס פֶערְהֶעלְטֶענֶעס אִיז נִיט דַיין זַאךְ. חִזְקִיָּה הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען מְקַיֵּים צוּ זַיין דִי מִצְוָה, אוּנ אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען.

די חֲכָמִים זָאגֶען דֶער וָואס אִיז אָהן אַ פְּרוֹי, דֶער לֶעבְּט אָהן בְּרָכָה, אָהן שִׂמְחָה.

פְּרוֹיֶען זַיינֶען פֶּערְזָאגְט נִיט צוּ זַיין אַיינְזַאם אָהן אַ מַאן.

אויף

1) מיט חופה אונ קדושין אונ כתובה. 2) רמב"ם. 3) די פערהייראטהע פלעגין גיין פארצייטין ארום געהילט ווי אין א טלית דעם גאנצין טאג.

דָאס אִין דֶעם אַרְט ווִי אַבְרָהָם הָאט גֶעבְּרַאכְט יִצְחָק׳ן צוּ דֶער עֲקֵידָה.

פוּן דֶעם פארְשְׁטֶעהֶען מִיר ווִי גְרוֹיס דֶער שָׂכָר פוּן מוֹהֵל אִיז. דָאס עֶר אִיז זוֹכֶה צוּ זַיין דֶער שָׁלִיחַ צוּ דִי גְרוֹיסֶע מִצְוָה, עֶר אִיז ווִי דֶער כֹּהֵן וָואס אִיז מַקְרִיב דֶעם קָרְבָּן.

דַארוּם דַארְף יֶעדֶער אִיד וֶועלִין זַיין אַ שָׁלִיחַ אִין דֶער מִצְוָה, אִיבֶּערְהוֹיבְּט בַּיי דֶער הַיינְטִיגֶער צַייט ווִי דִי וֶועלְט אִיז פַארְזָאגְט, אוּנ עֶס אִיז ווֶיינִיג דָא פוּן דִי וֶועלְכֶע יָאגִין זִיךְ נָאךְ צוּ זַיין אַ עוֹסֵק בְּמִצְוָה, אִיז גֶעווִיס דֶער שָׂכָר גָאכְמֶעהר פוּן דֶעם וָואס ווִיל זַיין אַיין מְזַכֶּה רַבִּים, אִין דֶער גְרוֹיסֶער מִצְוָה.

דַארוּם אִיז אַ חוֹב אוֹיף יֶעדֶער מוֹהֵל, עֶר זָאל אוֹיף שְׁטֶעלִין תַּלְמִידִים, דֶער זְכוּת פוּן דֶער מִצְוָה זָאל בַּיי אִיהם נִיט אָבְּגֶעהַאקְט וֶוערִין אוֹיף עֶעבִּיג.

אַלֶע פְּרָטֵי דִינִים פוּן דֶער מִצְוָה אִיז עֶרְקְלֶערְט אִין יוֹרֶה דֵעָה, אוּנ דֶער צוּגַאנְג פוּן דֶעם אִיז יָדוּעַ צוּם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אִיבֶּערַאלל.

---

# וישלח

## ג) עַל כֵּן לֹא יֹאכְלוּ בְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת גִיד הַנָּשֶׁה (לב—לג)

דִי מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה אִיז, מֶען טָאר נִיט עֶסִין דֶעם גִיד הַנָּשֶׁה (שְׁפַּאנְאַדֶער) פוּן דִי רֶעכְטֶע אוּנ דִי לִינְקֶע זַייט.

אַלֶע פְּרָטֵי דִינִים פוּן מְנַקֵר זַיין (טְרֵייבֶּערִין) דֶעם גִיד הַנָּשֶׁה, אוּנ פוּן אַלֶע אָדֶערִין אִיז עֶרְקְלֶערְט אִין יוֹרֶה דֵעָה. אוּנ דִי אַרְבֵּייט פוּן דֶעם אִיז יָדוּעַ צוּ דִי מְנַקְרִים.

אוֹיף דֶעם לַאו זַיינֶען נָשִׁים אוֹיךְ פֶערְזָאגְט, דֶען דָאס אִיז אַ כְּלַל, אוֹיף אַלֶע לַאוִין זַיינֶען נָשִׁים פֶערְזָאגְט גְלַייךְ מִיט מַאנְסְלַייט.

מְנַקֵר זַיין דַארְף מֶען זִיךְ לֶערְנֶען פוּן אַזֶעלְכִין וָואס קָאן גוּט דִי אַרְבֵּייט פוּן נִיקוּר, דֶען אוֹיסֶער דֶער לֶערְנֶען פוּן סְפָרִים, דַארְף מֶען נָאךְ זַיין גִיפְּרַאקְטִיקִירְט אִין דִי אַרְבֵּייט.

בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים אִיז דָאס גֶעווָארִין הֶפְקֵר בַּיי דִי וֶועלְט, עֶס גֵייעֶן אַרוּם דֶעם אַרְבֵּייט פְּרוֹיעֶנְצִימֶער אוּנ קִינְדֶער, אָדֶער אֲפִילוּ מַאנְסְלַייט וֶועלְכֶע ווַייסִין נִיט דִי אַרְבֵּייט נָאךְ דֶעם דִין נָאךְ. אָהֶער עֶס בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ דֶער מִיט זָאלְכֶע וָואס הִיטִין נִיט קַיין אִידִישְׁקַייט ווִי גֵייטִיג. — אִיז אַ חוֹב גָדוֹל אוֹיף בֵּית דִין פוּן יֶעדֶער שְׁטָאט אַבְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען אוֹיף דֶעם דָאס זֵיי זָאלִין אִין דֶעם קַיין אַיינְטְרֶעט נִיט הָאבֶּען.

---

פוּן פ׳ וַיִּשְׁלַח בִּיז פ׳ בֹּא אִיז נִיטָא קַיין מִצְוֹת פוּן דִי תרי״ג מִצְוֹת.

# בא

## ד) הַחֹדֶשׁ הַזֶּה לָכֶם רֹאשׁ חֳדָשִׁים (יב—ב)

דִי מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, דָאס אִין דֶער צייט ווֶען אִידִין זַייגֶען גִיוֶועֶן אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ הָאבִּין גֶעהַאט בֵּית דִין הַגָדוֹל, וֶועלְכֶע זַיי הָאבִּין גֶעוואוּסְט כָּל הַתּוֹרָה, אוּנ הָאבִּין דֶעם גַאנְג פוּן דֶער זוּנְן אוּנ דִי לְבָנָה גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, אִיז גֶעוֶועֶן אַ חוֹב אוֹיף בֵּית דִין צוּ אַנְטְפַאנְגֶען עֵדוּת וֶועלְכֶע זַיי הָאבִּין גֶעזֶעהֶען אוֹיבּ דִי לְבָנָה אִיז אִין אִיהר בֶּענַייהוּנְג אַרוֹיס־גֶעגַאנְגֶען.

נָאךְ דֶעם אָבּזָאגֶען זַייעֶרֶע עֵדוּת, הָאבֶּען ב"ד אָבּ־גֶעשְׁטִימְט רֹאשׁ חֹדֶשׁ, אוּנ גֶעמַאכְט וויסְן דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל וֶוען רֹאשׁ חֹדֶשׁ אִיז, בִּכְדֵי צוּ וויסִין ווִי צוּ הַאלְטֶען רִיכְטִיג דִי יָמִים טוֹבִים.

אוֹיבּ עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועֶן קֵיין עֵדוּת אוֹיף דֶעם אַרוֹיס־גַאנְג פוּן דֶער לְבָנָה, הָאבֶּען בֵּית דִין אָבּ־גֶעשְׁטִימְט רֹאשׁ חֹדֶשׁ נָאךְ דֶעם חֶשְׁבּוֹן פוּן דֶעם גַאנְג פוּן דֶער לְבָנָה, (דָאס אִיז דֶער מוֹלָד).

אוֹיךְ גֶעמְט זִיךְ פוּן דֶער מִצְוָה דָאס וָואס מֶען אִיז מְעַבֵּר דֶעם יָאהר, דָאס הֵייסְט וָואס מֶען מַאכְט נָאךְ אַ חוֹדֶשׁ אֲדָר. דִי גְמָרָא אִין סַנְהֶדְרִין בֶּעשְׁטִימְט אִיבֶּער וֶועלְכֶע אוּרְזַאכֶע עֶס קָאדֶערְט אַ צְווֵייטִין חֹדֶשׁ אֲדָר צוּ מַאכֶען.

יֶעצְטִיגֶע צייט אָבֶּער הָאבִּין מִיר אַיין אָבְּגֶעשְׁטֶעלְטִין רֶעכֶענוּנְג פוּן הִלֵּל הַנָּשִׂיא. עֶר וַואר דֶער גְרֶעסְטֶער פוּן בֵּית דִין הַגָדוֹל אִין זַיין דוֹר, וָואס עֶר הָאט אוּנְז פֶערְהַיילִיגְט אַללֶע חֳדָשִׁים אוֹיף עֶווִיג, אוּנ נָאךְ זַיין גַאנְג הַאלְטִין מִיר דִיא חֳדָשִׁים אוּנ יָמִים טוֹבִים. אוּנ דִיא אַיינְגֶעשְׁטִימְטֶע עִבּוּרִים, בִּיז דֶער צייט פוּן בִּיאַת הַגוֹאֵל.

נָשִׁים זַייגֶען זִיךְ נוֹהֵג נִיט צוּ טְאהן קֵיין מְלָאכָה רֹאשׁ חֹדֶשׁ, דֶער רֶעכְט אִיז עֶס זָאל קָאנְטִיג זַיין רֹאשׁ חֹדֶשׁ אִין עֶסֶען, אוּנ בּייטִין אַ בֶּגֶד לְכָבוֹד רֹאשׁ חֹדֶשׁ.

דֶער חֹדֶשׁ רֶעכִינְט זִיךְ נָאךְ דִי בֶּענַייהוּנְג פוּן דֶער לְבָנָה 29 טֶעג מִיט 12 שָׁעָה מִיט 793 חֲלָקִים פוּן שָׁעָה.

דֶער רֶעכֶענוּנְג מוּז דָאךְ אָבֶּער זַיין מִיט גַאנְצֶע טֶעג, הָאט מֶען דַאפִּיר גֶעמַאכְט אַיין חֹדֶשׁ זָאל זַיין 29 טֶעג, אוּנ אַיין חֹדֶשׁ 30 טֶעג, בְּלַייבְּט דָאךְ אָבֶּער אִיבֶּער דִי חֲלָקִים פוּן יֶעדֶער חֹדֶשׁ, אִיז דַאפִּיר אַיין גֶעטְהֵיילְט, אַ מָאהל אִיז מֶעהר דִי חֳדָשִׁים פוּן 29 טֶעג, אוּנ אַמָאהל אִיז מֶעהר דִי חֳדָשִׁים פוּן 30 טֶעג, בִּכְדֵי עֶס זָאלל זִיךְ אוֹיס גְלַייכֶען דֶער חֶשְׁבּוֹן.

נִיסָן, סִיוָן, אָב, תִּשְׁרִי, שְׁבָט, זַייגֶען אַלֶע מָאהל צוּ 30 טֶעג. — אִיָיר, תַּמּוּז, אָב, אֱלוּל, טֵבֵת, אֲדָר, זַייגֶען אַללֶע מָאהל צוּ 29 טֶעג.

חשון

חֶשְׁוָן, כִּסְלֵו, אַמָאהל אִיז חֶשְׁוָן 29, אוּנ כִּסְלֵו 30, אַמָאהל זַיינֶען זַיי בֵּיידֶע צוּ 30, אַמָאהל זַיינֶען זַיי בֵּיידֶע צוּ 29.

דֶער חֹדֶשׁ פוּן 30 טֶעג הַייסְט מָלֵא, דֶער חֹדֶשׁ פוּן 29 טֶעג הַייסְט חָסֵר.

דֶער חֹדֶשׁ פוּן 30 טֶעג, אִיז תָּמִיד אַיין טָאג רֹאשׁ חֹדֶשׁ, דֶער חֹדֶשׁ פוּן 29 טֶעג אִיז תָּמִיד צְוַויי טֶעג רֹאשׁ חֹדֶשׁ. אִיז דָאס דֶער כְּלָל, פוּן נִיסָן אָן גֵייט עֶס אַ חֹדֶשׁ אִיבֶּער אַ חֹדֶשׁ כְּסֵדֶר גֶעבִּיטֶן, נִיסָן אִיז אַיין טָאג ר"ח. אִיָּר אִיז צְוַויי טֶעג ר"ח, אוֹיסֶער חֶשְׁוָן כִּסְלֵו וָואס דִי צְוַויי חֳדָשִׁים זַיינֶען נִיט אַלֶע מָאהל גְלַייךְ, אַ מָאהל אִיז אַיין טָאג אוּנ אַ מָאהל אִיז צְוַויי טֶעג.

וֶוען עֶס אִיז צְוַויי טָאג ר"ח הֵייבְּט זִיךְ אָהן דֶער חֹדֶשׁ פוּן צְוֵוייטִין טָאג, דָארוּם דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג רֹאשׁ חֹדֶשׁ אִיז דֶער דְרַייסִיגְסְטֶער טָאג פוּן פָארִיגֶען חוֹדֶשׁ.

דֶער יָאהר הָאלְט 365 טֶעג מִיט אַ עֶרֶךְ 6 שָׁעָה. דֶער יָאהר וְאִיז אַיינ־גֶעטְהַיילְט אִין פִיער תְּקוּפוֹת. תְּקוּפַת תִּשְׁרִי, תְּקוּפַת טֵבֵת, תְּקוּפַת נִיסָן, תְּקוּפַת תַּמוּז.

פוּן דִי טֶעג פוּן יָאהר אִיבֶּער דִי טֶעג פוּן דִי 12 חֳדָשִׁים, בְּלַייבְּט אִיבֶּער צְעהֶען טֶעג מִיט אַ עֶרֶךְ 22 שָׁעָה. אוֹיף דֶעם אִיז דָא דֶער חֹדֶשׁ עִבּוּר.

אִין דֶעם פֶערְלוֹיף פוּן 19 יָאהר דָאס רוּפְט זִיךְ מַחֲזוֹר, מאכְט מֶען 12 יָאהר צוּ 12 חֳדָשִׁים, אוּנ זִיבֶּען יָאהר צוּ 13 חֳדָשִׁים, גְלַייכְט זִיךְ אוֹיס דֶער חֶשְׁבּוֹן.

דִי יָאהְרִין פוּן 12 חֳדָשִׁים הַייסְט שָׁנָה פְּשׁוּטָה, דִי יָאהְרִין פוּן 13 חֳדָשִׁים הַייסְט שָׁנָה מְעוּבֶּרֶת.

דֶעם עִיבּוּר מאכְט מֶען אִימֶער דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר, דֶער עֶרְשְׁטֶער אֲדָר אִיז אִימֶער 30 טֶעג, דֶער צְוֵוייטֶער אֲדָר אִיז אִימֶער 29 טֶעג.

דֶער רֶעכֶענוּנְג אִיז אַ גְרוֹיסֶע חָכְמָה, מִיר גֶעפִינֶען נִיט פַאר נֵייטִיג דִיא פַארְבְּרֵייטֶערוּנְג פוּן דֶעם, ווייל עֶס אִיז דָא אוֹיף דֶעם אָבּ־גִישְׁטֶעלְטֶע לוּחוֹת.

דִי חֲכָמִים הָאבֶּען מְתַקֵּן גֶעוֶוען קִדּוּשׁ לְבָנָה אַללֶע חֹדֶשׁ, דָאס הַייסְט מֶען זָאלל מאכֶען אַ בְּרָכָה אוֹיף דֶער לְבָנָה מִיט דֶעם אָבְּגִישְׁטֶעלְטִין נוּסַח.

דִי לְבָנָה דַארְף זַיין קְלָאהר בְּעֵת מְקַדֵּשׁ זַיין, דָאס דִי לִיכְטִיגְקֵייט זָאלל קָאנ זַיין עֶטְוָואס צוּ בֶּענוּצֶען.

דֶער חוֹב אִיז אוֹיף יֶעדֶער אִיד עֶר זָאל מְקַדֵּשׁ זַיין דִי לְבָנָה אֲפִילוּ פַאר זִיךְ, מֶעהר מִצְוָה אִיז מִיט אַ מִנְיָן, אָדֶער מִיט נָאךְ אַיינֶעם.

פִיל מֶענְשִׁין הָאבֶּען אַ טָעוּת, זַיי זַיינֶען נִיט מְקַדֵּשׁ דִי לְבָנָה סַיידִין מִיט נאךְ מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ דֶעם קוּמְט מאנְכֶע מָאהל אַז מֶען פַארְזַאמְט דִי לְבָנָה.

דִי צַייט פוּן קִדּוּשׁ לְבָנָה אִיז, פוּן דְרַיי מֵעת לְעֵת נָאךְ דֶעם מוֹלָד, בִּיז דֶעם פוּנְפְצֶעטִין אִין חוֹדֶשׁ (1.

שבת

1) ועפ"י הדחק אף בט"ו, מאירי.

שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב אִיז מֶען זִיךְ נוֹהֵג נִיט מְקַדֵּשׁ צוּ זַיין דִיא לְבָנָה, נוּר אוֹיבּ עֶס אִיז שׁוֹין דִי לֶעצְטֶע צֵייט, דַארְף מֶען מְקַדֵּשׁ זַיין שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב אוֹיךְ.

בַּיי מְקַדֵּשׁ זַיין דִי לְבָנָה זָאל מֶען זִיךְ נִיט בֵּייגִין, דֶען עֶס זֶעהט אוֹיס גְעגֶעבֶּען כָּבוֹד דִי לְבָנָה חָלִילָה, אִיז דָאס עֶהנְלִיךְ צוּ עֲבוֹדָה זָרָה. מֶען דַארְף ווִיסִין דָאס קִדּוּשׁ לְבָנָה אִיז נוּר גֶעשְׁטֶעלְט צוּ דַאנְקֶען דֶעם בּוֹרֵא ווָאס עֶר הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִי לְבָנָה אוּנ אַלֶע הִימִילְשֶׁע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ, זֵיי זָאלִין נוּצִין פַאר דֶעם מֶענְשִׁין נָאךְ דִי בֶּעשְׁטִימוּנְג פוּן בּוֹרֵא, נָאךְ דִי צֵייטִין ווֶעלְכֶע עֶר הָאט זֵיי אָבּ־גִישְׁטֶעלְט, אוּנ הָאבִּין קֵיין אֵייגֶענֶע קְרַאפְט זִיךְ אוּם צוּ עֶנְדֶערִין 1), ווִי עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין נוּסַח פוּן קִדּוּשׁ לְבָנָה.

דֶער מֶדְרָשׁ אִין פ׳ בֹּא שְׁרַייבְּט 2) אִידִין זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ דֶער לְבָנָה, אַזוֹי ווִי דִי לְבָנָה פַאנְגְט אָן צוּ שַׁיינֶען פוּן עֶרְשְׁטִין טָאג אוּנ שַׁיינְט בִּיז דְרַייסִיג טֶעג. בִּיז דֶעם פוּנְפְצֶענְטִין טָאג לַייכְט זִיא גַאנְץ שְׁטַארְק, נָאךְ דֶעם פוּנְפצֶעטִין טָאג לַייכְט זִיא ווָאס ווַייטֶער ווֶיינִיגֶער, בִּיז דָאס דֶעם דְרַייסִיגְסְטִין טָאג לַייכְט זִיא שׁוֹין גָאר נִיט. אִידִין זַיינֶען אוֹיךְ אַזוֹי, דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט אוּנְז גֶעלוֹיכְטִין אַבְרָהָם, בִּיז דָאס שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ דֶער פוּנְפְצֶעטֶער דוֹר הָאט גֶעקָאנִיגְט, אוּנ אִידִין זַיינֶען גֶעווֶען אִין זַיין צֵייט אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ. נָאכְהֶער אִיז בִּיסְלֶעךְ ווַיים אוּנְטֶער־גֶעגַאנְגֶען, בִּיז אִין צִדְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ׳ס צֵייט דֶער דְרַייסִיגְטֶער דוֹר אִיז שׁוֹין אִין גַאנְצֶען אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען, עֶס אִיז צוּ גֶענוּמֶען גֶעווָארִין דִי מְלוּכָה פוּן אִידִין, אוּנ דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז חָרוּב גֶעווָארִין.

מִיר אִידִין בְּלֵייבֶּען אָבֶער אִין הָאפְנוּנְג אַזוֹי ווִי דִי לְבָנָה פַאנְגְט אָן יֶעדֶער חוֹדֶשׁ פוּן דָאס נַייֶע צוּ לַייכְטִין, אַזוֹי ווֶעלִין מִיר אִידִין אוֹיךְ אָנְפַאנְגֶען צוּ לַייכְטִין פוּן דָאס נַייֶע בְּעֵת בִּיאַת הַגּוֹאֵל אָמֵן.

אַזוֹי ווִי מִיר זָאגֶען אִין נוּסַח פוּן דֶער בְּרָכָה (עטרת תפארת לעמוסי בטן שהם עתידים להתחדש כמותה) דָאס הֵייסְט מִיר אִידִין ווֶעלִין זִיךְ בֶּענֵייעֶן אַזוֹי ווִי דִי לְבָנָה בֶּענֵייט זִיךְ אַלֶע חוֹדֶשׁ.

## ה) וְשָׁחֲטוּ אוֹתוֹ כֹּל קְהַל עֲדַת יִשְׂרָאֵל בֵּין הָעַרְבָּיִם. (יב-ו)

דִי מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, עֶרֶב פֶּסַח, דָאס אִיז דֶעם פֶערְצֶענְטִין טָאג אִין חוֹדֶשׁ נִיסָן זָאל מֶען מַקְרִיב זַיין אַ קָרְבָּן פֶּסַח.

דֶער קָרְבָּן פֶּסַח קוּמְט פוּן שָׁאף אָדֶער צִיגִין בָּאק ווֶעלְכֶע אִיז אַ יָאהר אַלְט, עֶס טָאר אִין אִיהם נִיט זַיין קֵיין פֶעהלֶער.

דֶער קָרְבָּן פֶּסַח אִיז דוֹחֶה שַׁבָּת.

דער

1) חוק וזמן נתן להם שלא ישנו את תפקידם. 2) ע״ש במפרשי המדרש.

דער קָרְבָּן פֶּסַח וָוערְט גֶעשְׁלַאכְט אִין דֶער עֲזָרָה אִין דְרַייא פַּארְטֵייהֶען. די גְמָרָא דֶערְצֵיילְט עֶס אִיז גֶעוֶוען זֶעהֶער פִיל נארָאד דָאס מִיט אֵיין פַּארְטֵיי אִיז פוּל גֶעוָוארֶען דִי עֲזָרָה. אוֹיךְ דֶערְצֵיילְט דִי גְמָרָא, בַּיי יֶעדֶער פַּארְטֵיי ווִי זֵיי זַיינֶען אַנְגֶעקוּמֶען הָאבֶּען זִיךְ דִי טוֹיהֶערִין פוּן דֶער עֲזָרָה פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ גֶעמַאכְט.

בַּיי דֶעם שְׁלַאכְטִין אוּנ מַקְרִיב זַיין דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח הָאבֶּען דִי לְוִיִּם מִיט טְרָאמְפֵּייטִין גֶעבְּלָאזִין אוּנ מִיט כְּלֵי זֶמֶר גֶעשְׁפִּילְט אוּנ הַלֵּל גֶעזוּנְגֶען.

וֶוער עֶס מַאכְט נִיט קֵיין קָרְבָּן פֶּסַח בְּמֵזִיד אִיז חַיָב כָּרֵת.

## ו) וְאָכְלוּ אֶת הַבָּשָׂר בַּלַּיְלָה הַזֶּה (יב—ח)

די מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, צוּ עֶסִין דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח דִי עֶרְשְׁטֶע נַאכְט פוּן פֶּסַח. דֶער קָרְבָּן פֶּסַח וֶוערְט אוֹיף אַ הָאלְצֶערְנֶעם שְׁפִּיז אִין אֵייוֶוען גֶעבְּרָאטִין אוּנ נָאךְ דֶעם בַּיינַאכְטִיגֶען עֶסֶען, עֶסְט יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער אַ כְּזַיִת[1].

דֶער קָרְבָּן פֶּסַח וֶוערְט גֶעגֶעסֶען אִין גֶעזֶעלְשַׁאפְט דִי וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען זִיךְ קוּמְפַּאנִירְט צוּ מַאכֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח.

די צַייט פוּן עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח אִיז בִּיז הַאלְבֶּע נַאכְט, מֶען בַּארְף אִיהם עֶסֶען מִיט מַצָּה אוּנ מָרוֹר.

בַּיי דֶעם עֶסִין דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח זָאגְט מֶען הַלֵּל.

## ז) אַל תֹּאכְלוּ מִמֶּנּוּ נָא וּבָשֵׁל מְבוּשָּׁל בַּמָּיִם (שם י)

די מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה אִיז, מֶען טָאר נִיט עֶסִין דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח הַאלְבּ־גֶעבְּרָאטִין אָדֶער גֶעקָאכְט וָואנֶדערִין אִין גַאנְצִין גֶעבְּרָאטִין.

## ח) וְלֹא תוֹתִירוּ מִמֶּנּוּ עַד בֹּקֶר (שם י)

די מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה אִיז, נִיט אִיבֶּער צוּ לָאזִין פוּן דִי פְלֵייש פוּן קָרְבַּן פֶּסַח בִּיז אוֹיף מָארְגִין.

אִין אַלֶע מִצְוֹת פוּן קָרְבַּן פֶּסַח זַיינֶען נָשִׁים אוֹיךְ מְחוּיָב.

## ט) אַךְ בַּיּוֹם הָרִאשׁוֹן תַּשְׁבִּיתוּ שְּׂאֹר מִבָּתֵּיכֶם[2] (יב—טו)

די מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, מְבַטֵּל צוּ זַיין אוּנ אוֹיס־רָאמֶען דֶעם חָמֵץ דֶעם פֶערְצֶענְטִין טָאג אִין נִיסָן, עֶס זָאלל מֶעהר נִיט זַיין זַיינֶע.

די נַאכְט וֶועלְכֶע גֶעהֶער צוּ עֶרֶב פֶּסַח דַארְף מֶען בּוֹדֵק חָמֵץ זַיין. מען

1) ווי אַ אייאבירט, דאס איז ווי אַ האלבע איי. 2) מפי השמועה למדנו שזהו י"ד ניסן.

מֶען דארף בּוֹדק זַיין אִין הויז אוּמֶערוּם. אִין אַלֶע ווִינְקְעלֶעךְ, אוּנְטֶער דִי שַׁאפִין, אוּנְטֶער דִי בֶּעטִין, אוּנ וואוּ עֶס אִיז נוּר מֶעגְלִיךְ עֶס זָאל דָארְט אַרַיין קוּמֶען חָמֵץ, צבּ"ש אִין דִי קֶעלֶערִין, אִין דִי קְלֵייטִין, אִין דִי קְרָאמֶען, אוּנ אִין דִי פַּאבְּרִיקֶען, אִין דִיא שְׁטַאלִין פוּן הָאלְץ, אוּנ נוּר וואוּ מֶענְשֶׁען קוּמֶען, ווייל עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ פוּן דִי מֶענְשֶׁען וָואס גֵייֶען דָארְט זָאל עֶטְוָואס חָמֵץ פֶערְבְּלייבִּין. אֲפִילוּ אִין לֶעכֶער אוּנ שְׁפַּאלְטִין וָועלְכֶע מֶען קָאן דָארְט צוּ קוּמֶען מִיטִין הַאנְד, דארף מֶען אויךְ בּוֹדֵק זַיין.

דִי פְרוֹיֶען וָועלְכֶע דִי מַאנֶען זַיינֶען נִיט צוּ הויז, אָדֶער זֵיי זַיינֶען גָאר אָהן מַאנֶען, זַיינֶען זֵיי מְחוּיָב זֶעלְבְּסְט בּוֹדֵק חָמֵץ זַיין אוּנ מְבַטֵל זַיין דֶעם חָמֵץ וִוי עֶס אִיז אַרוּם גִירֶעדְט.

פַאר דֶער בְּדִיקָה אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה, טָאר מֶען זִיךְ נִיט בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט קַיין זַאךְ אֲפִילוּ לֶערְנֶען אויךְ נִיט.

דִי בְּדִיקָה אִיז אַזוֹי, אַנְפַאנְגֶנְס נַאכְט אִיז מֶען בּוֹדֵק מִיט אַ לִיכְטִיל. מֶעהר מִצְוָה אִיז בּוֹדֵק צוּ זַיין מִיט אַ וָועקְסֶענֶע לִיכְטִיל, מֶען טָאר נִיט בּוֹדֵק זַיין מִיט צְווֵיי לִיכְט צוּ זַאמֶען אוּנ נִיט פַאר קַיין אַנְדֶערֶע בֶּעלייכְטוּנְג.

פוּן דֶער צֵייט פוּן בְּדִיקָה דארף שָׁאהן זַיין אויף־גֶערַאמְט אַללֶע חָמֵץ.

פַאר דֶער בְּדִיקָה דַארְף מֶען אָבּ־שְׁטֶעלִין דִי חָמֵץ וָועלְכֶע עֶס פָארֶערְט צוּם עֶסֶען, אוּנ הִיטִין עֶס זָאל נִיט פַארְלָארִין גֵיין, וָאנְכְט דארף מֶען נָאךְ אַ מָאהל בּוֹדֵק זַיין.

עֶס אִיז אַ מִנְהָג צוּ לֵייגִין שְׁטִיקְלֶעךְ בְּרוֹידְט אויף דִי פֶענְצְטֶער פַאר דֶער בְּדִיקָה, זָאל מֶען לֵייגִין הַארְטֶע בְּרוֹידְט עֶס זָאל זִיךְ נִיט בְּרֶעקְלֶען.

נָאךְ דֶער בְּדִיקָה דארף מֶען מְבַטֵל זַיין אַללֶע זַיינֶע חָמֵץ וָואס עֶס גֶעפִינְט זִיךְ, דָאס הֵייסְט מֶען דארף זָאגִין מִיטִין מוֹיל אוּנ פֶעסְט זֶעטְצִין בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען: דָאס אַלֶעס נוּר וָואס הֵייסְט חָמֵץ וָועלְכֶע עֶס גֶעפִינְט זִיךְ בַּיינֶע חָמֵץ אִין אֵייגֶענֶעם רְשׁוּת, אָדֶער מֵיינֶע חָמֵץ וָועלְכֶע אֲפִילוּ נִיט אִין אֵייגֶענֶעם רְשׁוּת, זָאל זַיין גְלַייךְ וִויא דִיא שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אוּנ עֶס זָאלל זַיין הֶפְקֵר, עֶס אִיז נִיט מֶעהר מַיינֶע, אַזוֹי אִיז דֶער בֶּעדַייטוּנְג פוּן כָּל חֲמִירָא וִוי גֶעדְרוּקְט אִין סִדוּר.

מֶען זָאל נִיט דֵיינְקֶען דָאס דֶער נוּסַח כָּל חֲמִירָא אִיז אַזוֹי אַ מִין תְּפִלָּה, נוּר פֶעסְט זֶעטְצִין בַּיי זִיךְ אִין הַארְצִין דֶעם גֶעדַאנְק וִוי עֶס אִיז דָא עֶרְקְלֶערְט, דארוּם וָוער עֶס פַארְשְׁטֶעהט נִיט דֶעם פְּשַׁט פוּן כָּל חֲמִירָא זָאל עֶר זָאגִין אויף דייטְשׁ דִי וָוערְטֶער:

„אַלֶע חָמֵץ אָדֶער זוֹיֶער טֵייג וָואס אִיז דָא אִין מֵיין רְשׁוּת אוּנ אִיךְ ווייס פוּן דֶעם נִיט זָאל זַיין הֶפְקֵר אוּנ זָאל זַיין גִירֶעכִינְט וִוי דִי שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד.

עֶרֶב פֶּסַח נָאךְ דֶער פִירְטֶער שָׁעָה אויף דֶעם טָאג טָאר מֶען נִיט עֶסֶען קַיין חָמֵץ, אוּנ פוּן נָאךְ דֶער פִינְפְטֶער שָׁעָה אויף דֶעם טָאג טָאר מֶען קַיין הֲנָאָה נִיט

נִיט הָאבְּען פוּן חָמֵץ, דָאס הֵייסְט מֶען טָאר מִיט דֶעם נִיט הַאנְדְלֶען, אוּנ נִיט גֶעבִּין דִי בְּהֵמוֹת אָדֶער דִי עוֹפוֹת.

אִין דֶער פִינְפְטֶער שָׁעָה אוֹיף דֶעם טָאג דַארְף מֶען פַארְבְּרֶענֶען חָמֵץ, אוּנ זָאגֶען דֶעם כָּל חֲמִירָא פוּן פַארְבְּרֶענֶען חָמֵץ. אוּנ פַארְשְׁטֶעהֶען וָואס מֶען זָאגְט, וֶוער עֶס פַארְשְׁטֶעהט נִיט קֵיין לְשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ זָאל זָאגֶען אוֹיף דַייטְשׁ דִי וֶוערְטֶער; „אַלֶע חָמֵץ אָדֶער זוֹיֶערְטֵייג וָואס אִיז דָא אִין מַיין רְשׁוּת. וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אוֹיס גֶערָאמְט אָדֶער נָאךְ נִיט אוֹיס גֶערָאמְט זָאל זַיין הֶפְקֵר אוּנ זָאל זַיין גִירֶעכִינְט וִוי דִי שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד".

דוּרְךְ אַיין קָטָן, דָאס הֵייסְט פַאר דְרַייצִין יָאהר טָאר מֶען נִיט שִׁיקִין פַאר בְּרֶענֶען קֵיין חָמֵץ.

נָאךְ דֶער פִינְפְטֶער שָׁעָה דַארְף שָׁאהן פַארְקוֹיפְט זַיין דֶער חָמֵץ.

מִיר קָאנֶען נִיט אוֹיס שְׁרַייבִּין רִיכְטִיג דִי צַייטִין פוּן עֶסֶען, אוּנ פַארְבְּרֶענֶען אוּנ פַארְקוֹיפִין חָמֵץ, וַוייל דָאס וֶוענְט זִיךְ נָאךְ דִי אַקְלִימִין נָאךְ(1). אוּנ נִיט אַלֶע יָאהְרִין קוּמֶען אוֹיס גְלַייךְ דִיא צַייטֶען דַארוּם וֶוער עֶס וַוייס נִיט רִיכְטִיג, זָאל פְרֶעגִין בַּיי אַ לַמְדָן בְּכְדֵי עֶר זָאל נִיט נִכְשָׁל וֶוערִין.

מֶען דַארְף פַארְקוֹיפִין דֶעם חָמֵץ דַוְקָא בַּיי בֵּית דִין, אוּנ נִיט וִוי אַנְדֶערֶע טוֹהֶען, זֵיי גִיבִּין אִיבֶּער אֵיינֶער דֶעם צְוֵוייטִין, זֵיי מַאכִין זִיךְ גְרִינְג אִין דֶעם, וַוייל זֵיי רֶעכֶענֶען זֵיי הָאבִּין קֵיין חָמֵץ נִיט, אוּנ בֶּאֱמֶת אִיז דָאךְ לֹא יִמָּלֵט עֶס זָאל זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען אִין אַ וִוירְטְשַׁאפְט אַ מִין חָמֵץ אָדֶער כֵּלִים הַמוּצִים, אִיז דָאךְ בְּוַודַאי נִיט כְּדַאי אַרֵיין בְּרֵיינְגֶען זִיךְ אִין סָפֵק פוּן דֶעם הַרְבִּין אִיסוּר, וָוארוּם מֶען קָאן גַאנְץ לַייכְט קוּמֶען צוּם אִיסוּר חָמֵץ בְּפֶּסַח.

אַז מֶען פַארְגֶעסְט צוּ פַארְקוֹיפִין חָמֵץ דַארְף מֶען פְרֶעגִין אַ שַׁאֲלָה.

וָוען עֶ"ס גֶעפַאלְט שַׁבָּת עֶרֶב פֶּסַח, אִיז דָאנֶערְשְׁטִיג בַּיי נַאכְט בְּדִיקַת חָמֵץ, אוּנ פְרַייטִיג פַארְבְּרֶענְט מֶען דֶעם חָמֵץ אִין דִי זֶעלְבֶּע צַייט וִוי אַלֶע עֶרֶב פֶּסַח, נוּר מֶען לָאזְט אִיבֶּער חָמֵץ וֶועלְכֶע גֵייטִיג אִיז אוֹיף פְרַייטִיג צוּ נַאכְט אוּנ אוֹיף שַׁבָּת פְרִיה.

שַׁבָּת פְרִיה נָאךְ דֶעם עֶסֶען דַארְף מֶען אֶבְּשָׁאקְלֶען דִי טִישְׁטִיכֶער אוֹיף דֶעם הוֹיף, אוּנ רֵיין מַאכֶען דִי כֵּלִים וָואס מֶען הָאט אִין זֵיי גִיגֶעסִין אוּנ אַוֶועקְשְׁטֶעלִין בַּיי דִי חָמֵצְדִיגֶע כֵּלִים.

נָאךְ דֶעם עֶסֶען זָאגְט מֶען נָאךְ אַמָאהל כָּל חֲמִירָא, דִי זֶעלְבֶּע וִוי מֶען הָאט גֶעזָאגְט פְרַייטִיג בְּעֵת פַארְבְּרֶענֶען.

אַז עֶס גֶעפַאלְט עֶרֶב פֶּסַח שַׁבָּת, קָאכְט מֶען נִיט אוֹיף דֶעם שַׁבָּת קֵיין טֵייג אוּנ קֵיין גְרִיץ, דִי וָואס קָאכִין אוֹיף דֶעם פְרַייטִיג צוּ נַאכְט יוֹךְ אִין פֶּסַחְדִיגֶע כֵּלִים, זָאלִין זֵיי הִיטִין נִיט צוּ גִיסִין אִין חָמֵצְדִיגֶע שִׁיסֶעל קֵיין הֵייסֶע.



1) מחלקין היום לי"ב שעות מע"ה עד צה"כ.

דארום זאל מען אזוי טאהן, מען זאל איבער גיסין פריער אין א פסח׳דיגע שיסיל, אונ פון די שיסיל איבער גיסין אין די חמצדיגע שיסיל, אונ די פסח׳דיגע שיסיל אויך אב שטעלען אין א זייט, וויל מען טאר איהר ניט ניטצין אויף פסח׳
אלע כלים וועלכע מען כשר׳ת ניט אויף פסח, וואשט מען זיי אויס ריין עס זאל ניט בלייבען קיין שום חמץ, אונ מען שטעלט דאס אב אין א בעזאנ־דערין חדר וועלכען מען גייט דארט ניט אום פסח.

דא וועלין מיר שרייבען אייניגע דינים פון כשרין כלים.

די כלי וועלכע מען כשר׳ת דארף מען איהר פריער א מעת לעת ניט גיטצין.

א כלי וועלכע האט אין זיך א שפאלט אדער א לאטע, אדער זיא נעמט זיך פערנאנדער, דארף מען פרעגין א שאלה אויב מען מאג איהר כשר׳ן.
פאר דעם כשר׳ן דארף מען די כלי אויס שייערין, אויב עס געפינט זיך ראסט דארף מען אויסברענען די ראסט.
נאך דעם ריין נאך איז מעטערם אונ גאפלען מיט שטילען, גאנץ שווער צו כשר׳ן, דארום איז מען זיך נוהג צו קויפין נייע.
דער צו גאנג פון כשר׳ן איז אזוי, מען נעמט א גרויסע כלי וועלכע מען האט ניט גענוצט אין דעם מעת לעת, אונ מען קאכט אין איהר אויף וואסער, אונ אין די כלי כשר׳ת מען די קליינע כלים.
בעת מען כשר׳ת די כלי דארף די וואסער קאכין, צו וויסין אויב די וואסער קאכט. איז א סימן אויב די וואסער בלעזילט. דארום דארף מען אריין ליגען א גיברענטען שטיין ביים כשר׳ן עס זאל גוט קאכין.
אויב מען וויל כשר׳ן די כלי אין וואס מען האט גיכשר׳ת, טוהט מען אזוי, נאך דעם אב כשר׳ן די כלים, בעת די וואסער קאכט, ליינט מען אריין א גיברענ־טין שטיין גייט אריבער די וואסער, אזוי כשר׳ת מען אללע גרויסע כלים, אונ א טהייא מאשין.
נאך דעם כשרין די כלים שווענקט מען זיי אב מיט קאלטע וואסער.
מען דארף זעהען אז ביז ערב פסח די צייט וואס מען מאג נאך עסען חמץ, זאל שאהן זיין די כלים גיכשר׳ת.
די בלעכענע אונ קופערנע כלים אין וועלכע מען קאכט אין זיי חמץ גיט מען זיי ווייסין אונ עס איז גלייך מען זאל זיי כשרין אויך.
די שטערצליך (דעקלעך) האבען דעם זעלבען דין ווי די כלים וואס מען קאכט אין זיי.
פאטעלגעס (סקאווראדעס) אונ נאך אנדערע כלים וועלכע מען ניצט צום באקין אונ די שטערצלעך וועלכע ווערט געברויכט צו די כלים דארף מען אויס־ברענען ביז עס זאל שפריצין פונקען פון דער אויסוויינינגסטען זייט.
דרייפוסין אונ שאר־אייזען (קאצארעס) דארף מען אויך אויס ברענען.

אייווינם דארף מען ברענגען ביז עס זאל שפריצין פונקע. פון פאר, נאכ־
הער דארף מען פערנאנדער שארין די קוילין איבער דעם גאנצען פאד.

די קאכלע (דער ארט וואו מען שטעלט טהייא קאווע) דארף מען אויסברענען מיט
קוילין ביז עס זאל שפריצין פונקען אדער אויסקלעפין אלע זייטין מיט ליים.

פליטעס דארף מען אויסברענען ביז עס זאל שפריצין פונקען פון אויס־
וויינינגסטין זייט. — הייצט מען גוט אן פון אונטין אונ אויבין ברענט מען אויס
מיט קוילין.

די בראט־אייוועלע דארף אויך זיין אויסגיברענט ווי די פליטעס.

דא האבין מיר נור עטוואס אנגימערקט, אין שולחן ערוך הלכות פסח איז
פיל ערקלעהרט, נור דער כלל איז, מען דארף פרעגין א שאלה וועלכע כלי מען
מאג כשר'ן, אונ ווי עס זאל צו גיין דער כשר'ן, דען ניט אלע כלים איז דער
צו גאנג פון כשר'ן גלייך, אונ אנדערע כלים טאר מען גאר ניט כשר'ן אויף פסח.

דארום איז איינגעפירט אין פיל ערטער אז מען כשר'ת פאר פסח אין
איין ארט, אונ דארט זיצט א למדן, בעקוקט ער דיא כלים אויב מען מאג
זייא כשר'ן.

## י) בערב תאכלו מצות (יב—יח)

די מצות עשה איז, צו עסין מצה די נאכט פון סדר.

די ערשטע אונ צווייטע נאכט פון פסח איז מען מחויב צו עסען א כזית
מצה 1) אוסער כורך אונ אפיקומן.

מצה דארף זיין געהיט דאס אין די ווייץ אונ אין די מעהל ביז אב באקין
זאל ניט זיין קיין חשש פון חמץ.

דארום זעהט מען איבער די ווייץ אונ מען כשר'ת די מיל אונ מען
כשר'ת דעם אייוועז.

אין די מצה טאר ניט זיין קיין שום צו־דאמין. עס דארף זיין געבאקין
נור פון מעהל מיט וואסער.

די כלים, די טישין, וועלכע עס ווערט געברויכט צו די ארבייט פון מצה
דארף אין זיי קיין שפאלטין אונ קיין גריבלעך ניט זיין.

די כלים אין וואס מען קנעט דארף זיין גאר גלאט, אונ מען דארף האבין
צוויי דריי כלים צו בייטען, בכלל דארף פון אללע כלים זיין מען זאלל קאנען
בייטין.

וואסער צו מצה מוז זיין (מים שלנו) איבערגענעכטיגטע וואסער, דאס
הייסט די וואסער דארף זיין אנגעבבייט פון פארנאכט אויף מארגין.

די

1) ובא"י רק לילה הראש'ן.

די וואַסער דאַרף מען אָנשעפּן פאר בין השמשות.

מען זייט דורך די וואַסער אונ מען דעקט צו, אונ מען שטעלט אַוועק איבער נאַכט אין אַקילין אָרט. — אויב די וואַסער ווערט פאַרפאַרין טאר מען גיט אַוועק שטעלין בּיים אייוועןעס זאל אָב גיין די אייז.

צו די מים שלנו טאר מען צו גיסן אַנדערע וואַסער, נור בּאופן אַז די געבטיגע זאלל זיין מעהר.

מען דאַרף בּיי דעם בּאַקין פאַרזיכטיג זיין צו בּייטין אָפטער די כּלים, די בּעקינס, די שטעקינס, די שטופּלען (רעדליך), אונ אַרום נעמען פּילייבּט געפינט זיך אויף זיי עטוואס טייג, אונ אָפטער אַרום שאַבּין די וואַלגערהעלצער אונ די טישין, ווייל זיי נעממען אויף זיך אַרויף פיל טייג.

מען דאַרף וואַשין די הענד אַלע צוויי דריי מיירעס. — די כּלי אין וואס מען קנעט דאַרף מען בּייטין אַללע צוויי דריי מיירעס.

דער מיירע טעפּיל דאַרף האַלטין ניט מעהר ווי דריי קוואַרט, די מיירע דאַרף צו טהיילט ווערין נאָך די וועלגער נאָך.

מען דאַרף היטין ניט אַרויף צו לייגין איין מצה אויף דיא אַנדערע.

די מצה דאַרף ניט ליגין איין אויגענבּליק ניט געאַרבּייט אין איהר. דאַרום זאל מען די מצה בּאלד נאָך דעם שטופּלען אין אויוועןאַריין ציעען.

מען דאַרף קאָנען ציען די מצה, זיי זאלין זיך ניט פאַרבּייגען אין אויווען, אונ עס זאל זיך ניט אָן רירין איין מצה צו די צווייטע.

מען דאַרף זעהער פאַרזיכטיג זיין, אַרוים צו נעמען פון אויוועןפאַרטיגע מצות.

די אַרבּייט פון מצה טאר ניט זיין געגען דער זוהן, דאַרום אין די פענצטער וואס עס שיינט אַריין די זוהן, דאַרף מען פאַרהיינגען.

דער אָרט פון קנעטין איז דאס בעסט עס זאל זיין אין אַבּעזאָנדערין צימער, נור אויב עס איז אונמעגליך, זאל מען אַיינהיטין עס זאל זיין ווייט פון אויווען.

אונ בּכלל דאַרף די טישין פון וועלגערין אונ שטופּלען, אויך זיין ווייטער פון אויוויין.

דער רעכט איז, דער מעהל שיטער זאל שטעהען פון ווייטען פון די וואַסער.

מען זאל ניט ריידין אין דער צייט פון אַרבּייטין די מצה. ווי דער דרך איז, דאס די וועלגער ריידען איינע מיט די אַנדערע, שפּריצט אַרויף אויף די מצה.

דער כּלל פון בּאקין מצה איז, דאס די אַרבּייט זאל צו גיין וואס שנעלער, דאס איז אַלעס בּיז עס קומט אַריין אין אייוועןוי עס קומט ואָבער אין אויוועןאריין, מוז די אַרבּייט צו גיין דויערהאַפטיג.

מען טאר ניט אַרוים נעמען די מצה בּיז זיא זאל זיין גוט אויסגעבּאַקין, אונ ניט אַרוים נעמען ניט פאַרטיג, אונ צו טריקענען פון פאַרענט.

די וועלט איז אָבער שטאַרק אין דעם פאַראירט, זיי ווילען פיינע מצה צווינגען זיי די בּעקער זיי זאלין אַרוים נעמען די מצה פריער ווי עס ווערט

פּאַרטיג, מען דאַרף וויסן אַז חָמֵץ בְּפֶּסח איז פאַרבּונדין מיט כָּרֵת ר״ל. דאַרף מען ניט וועלין האָבּין קיין פיינע מַצה, נור נאָך זוכען צו האָבּין כְּשֵׁרָה מַצה.

אַז מען בּאַקט פאַר קראַנקע אָדער פאַר קליינע קינדער אייער מַצָה, דאַרף מען נאָך דעם אָבּ־בּאַקין איבּער כַּשֶׁר׳ן דעם אויוען, און ריין מאַכען די כֵּלים.

ערב פֶּסח טאָר מען ניט עסין קיין מַצָה.

צום סֵדֶר דאַרף מען האָבּין „מַצות מִצְוָה״, דאָס הייסט שְׁמוּרָה, וועלכע וועט געאַרבּייט פון מִצְוָה וועגען פון שְׁנִיט בּיז בּאַקען, ווי עס איז ערקלערט אין שו״ע.

די שְׁמוּרָה דאַרף זיין געבּאַקען. דאָס אַלעס וואס עס ווערט נור גיטאָהן דער בּיי, דאַרף מען זאָגען בּיים אַנפאַנג אַרבּייט, מען טוהט דאָס לְשֵׁם מַצות מִצְוָה.

עס ווערט געלייגט צום סֵדֶר דְרַיי מַצות, דער פון ווערט גינוּמען דער כְּזַיִת מַצָה, און כּוֹרֵךְ און דער אֲפִיקוֹמָן.

דער שיעור פון אֲפִיקוֹמָן איז ניט ווייניגער ווי אַ כְּזַיִת פאַר יעדערין.

אין דער מִצְוָה פון מַצָה מיט אַלע פְּרָטֵי דינים זיינען נָשִׁים מְחוּיָב גְלייך מיט מאַנסלייט.

ערב פֶּסח נאָך האַלבּען טאָג טאָר מען זיך ניט שערין.

## יא) שְׂאוֹר לֹא יִמָּצֵא בְּבָתֵּיכֶם. (יב—יט)

די מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה איז, עס זאָל זיך ניט געפינען בּיי קיין אידין אין זיין רְשׁוּת קיין חָמֵץ אום פֶּסח, אֲפִילוּ אייגענע חָמֵץ בּיי אַ אֵינוֹ יְהוּדִי, טאָר זיך אויך ניט געפינען, אויבּ עס געפינט זיך יא, איז מען עוֹבֵר דעם לַאו, און אויף נאָך אַ לַאו פון „בַּל יֵרָאֶה״, דאָס הייסט עס טאָר ניט געזעהען ווערין קיין חָמֵץ, ווי עס איז ערקלערט ווייטער אין מִצְוָה כ״ז. דיא וועלכע וויא דיא חָמֵץ וואָלט זיין בּיי זיך.

חָמֵץ וועלכע ניט פאַרקויפט, טאָר מען קיין הֲנָאָה ניט האָבּין נאָך פֶּסח.

## יב) כָּל מַחְמֶצֶת לֹא תֹאכֵלוּ (שם)

די מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה איז, מען טאָר ניט עסין אום פֶּסח קיין זאַך וועלכע אין דעם איז פאַרמישט חָמֵץ.

דאַרום אַז מען געפינט פֶּסח אַ קערענדיל אין עסין, אָדער אֲפִילוּ אין איין בּרוּהען וואַסער דאַרף מען פְרעגין אַ שְׁאֵלָה, אָפּט מאָהל ווערט גאָר דער גאַנצער בְּרוּהען חָמֵץ.

דארום קאן מען זאגין איז אסור חמץ אום פסח אפילו נור עטוואס, וויל דער כרת פון פסח איז ווייטער הארב, דאס די עטוואס חמץ קאן שאדען טאהן דעם נפש. אריין צו ברייגגען גיפט פון כרת ר"ל. ווי מיר זעהען אין צייט פון פעסט ר"ל, מיט א גאנץ ווייטען צו פאל פארשפרייט זיך אויף גאנץ וועלט, אונ אויף אגאנצע מדינה.

## יג) כָּל בֶּן נֵכָר לֹא יֹאכַל בּוֹ (יב—מג)

די מצות לא תעשה איז, דער איד וועלכער האט דעם דת פערלאזין, טאר מען איהם ניט געבען עסען פון קרבן פסח.

## יד) תּוֹשָׁב וְשָׂכִיר לֹא יֹאכַל בּוֹ (שם מה)

די מצות לא תעשה איז, אגעצענדיגער אדער וועלכער עס האט זיך אפילו אונטער גענומען ניט צו זיין קיין געצענדינער, נור ער עסט נבלות, אדער א גר (בזה"ב) וואס האט זיך געמל'ת אונ ניט גיטובל'ת, זאל מען זיי ניט געבין פון קרבן פסח.

די גמרא ברייננט אין פסחים, איין מאהל האט זיך איין אינו יהודי בעריהמט דאס ער האט זיך אין ירושלים פארגישטעלט פאר א איד, האט מען איהם געגעבען פון דאס בעסטע פון קרבן פסח. דער תנא ר' יהודה בן בתירא פרעגט איהם, אויב מען האט דיר געגעבען פון אליה, זאגט ער אז ניט, גיט איהם ר' יהודה בן בתירא איין עצה, ער זאל אויף איבער א יאהר בעטין פון אליה. אויף איבער איאהר האט ער גיבעטין מען זאל איהם געבען פון אליה, דורך דעם האט מען פערשטאנען אז ער איז א אינו יהודי, ווייל צו אידין איז ידוע דאס די אליה ווערט אין גאנצין אויף דעם מזבח פארצערט. דער בעטריגער איז מיט זיין לעבען בעשטראפט געווארין, אונ ר' יהודה בן בתירא האט מען געריהמט דורך דעם.

## טו לֹא תוֹצִיא מִן הַבַּיִת מִן הַבָּשָׂר חוּצָה (יב—מו)

די מצות לא תעשה איז, ניט ארוים צו טראגין פון קרבן פסח פון ארט וואו די געזעלשאפט עסען איהם.

מען טאר ניט עסען דעם קרבן פסח אין צווייא געזעלשאפטין.

## טז) וְעֶצֶם לֹא תִשְׁבְּרוּ בוֹ (שם)

די מצות לא תעשה איז, מען טאר ניט ברעכין קיין ביין אין קרבן פסח.

עס דארף אין גאנצען געגעסען ווערין אום דאס די ביינער זאלין גאנץ בלייבין.

## יז) וְכָל עָרֵל לֹא יֹאכַל בּוֹ (שם מח)

די מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה איז, דָאס נִיט קיין גִימָלְתֶער זָאל נִיט עֶסֶען פון קָרְבָּן פֶּסַח 1).

## יח) קַדֶּשׁ לִי כָל בְּכוֹר (יג—ב)

די מִצְוַת עֲשֵׂה איז, דָאס אַללֶע עֶרְשְׁט־גֶעבָּארֶענֶע פִיהֶע, רִינְדֶער, שָׁאף, צִיגִין־בָּאק, פון מֶענְלִיכֶע גֶעשְׁלֶעכְט, זָאל עֶס צום כֹּהֵן גֶעגֶעבֶּען וֶוערִין, אונ דֶער כֹּהֵן איז מַקְרִיב נָאךְ דֶעם דִין נָאךְ, די פְלֵייש גִיהֶער צום כֹּהֵן.

דָאס איז אַללֶעס וֶוען דֶער בֵיהמ"ק איז גֶעשְׁטַאנֶען.

יֶעצְטִיגֶע צייט וֶוען עֶס וֶוערְט גֶעבָּארִין אַ בְּכוֹר בְּהֵמָה טְהוֹרָה אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אָדֶער אין חוּץ לָאָרֶץ, הַאלְט מֶען בִּיז עֶר בֶּעקוּמְט אַ מוּם. דַאן גִיהֶער עֶס צום כֹּהֵן, מֶען טָאר אָבֶער נִיט גוֹרֵם זַיין עָר זָאל בֶּעקוּמֶען אַ מוּם.

וָואס הֵייסְט אַ מוּם בַּיי אַ בְּכוֹר איז עֶרְקְלֶערְט אין יוֹרֶה דֵעָה, דארום ווי עֶס וֶוערְט אַ מוּם דַארְף מֶען וַוייזִין דֶעם מוּם אַ מוֹרֶה הוֹרָאָה.

וֶוען דֶער בְּכוֹר וֶוערְט טוֹידְט בַּיי דֶעם יִשְׂרָאֵל אָדֶער בַּיי דֶעם כֹּהֵן, דַארְף מֶען איהם בֶּעגְרָאבִּין אין אַ זֶעקִיל, דֶען עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ איין הֵיילִיגְקֵייט.

יֶעצְטִיגֶע צייט איז אַ מִצְוָה דָאס אַ בְּהֵמָה וֶועלְכֶע דַארְף גֶעבָּארִין דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאהל זָאל מֶען איהר פאר קוֹיפִין צוּ איין אֵינוֹ יְהוּדִי, אונ פְרֶעגִין אַ שַׁאֲלָה ווִי אַזוֹי דֶער פארְקוֹיף זָאל זַיין, בִּכְדֵי נִיט נִכְשָׁל צוּ וֶוערִין אין אִיסוּר בְּכוֹר;

וָועגִין בְּכוֹרִים פון מֶענְשְׁלִיכֶען גֶעשְׁלֶעכְט איז עֶרְקְלֶערְט אין פ' קֹרַח.

אוֹיף דיא מִצְוָה פון בְּכוֹר בְּהֵמָה זַיינֶען מְחוּיָב זְכָרִים אונ נְקֵבוֹת אויך כֹּהֲנִים אונ לְוִיִם.

## יט) וְלֹא יֵאָכֵל חָמֵץ (שם ז)

די מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה איז, מֶען טָאר נִיט עֶסֶען אָדֶער טְרִינְקֶען קיין חָמֵץ אוּם פֶּסַח.

פִיר חָמֵץ בְּפֶסַח מוּטְווִילִיג איז מֶען חַיָּב כָּרֵת.

חָמֵץ אוּם פֶּסַח איז אָסוּר בַּהֲנָאָה.

## כ) וְלֹא יֵרָאֶה לְךָ חָמֵץ (שם יז)

עֶס זָאל נִיט גִיזֶעהֶען וֶוערִין קיין אֵייגֶענֶע חָמֵץ, אין אֵייגֶענֶעם רְשׁוּת, וֶוען

אפילו

1) אפילו שמתו אחיו מחמת מילה.

אֲפִילוּ דִי חָמֵץ לִיגְט בֶּעהַאלְטִין בַּיי זִיךְ אָדֶער בַּיי אַ אֵינוֹ יְהוּדִי אִיז מֶען אוֹיךְ עוֹבֵר דֶעם לָאו, אוּנ אַ לָאו פוּן לֹא יִמָּצֵא וֶועלְכֶע אִיז עֶרְקְלֶערְט אִין מִצְוָה יא.

## כא) וְהִגַּדְתָּ לְבִנְךָ בַּיּוֹם הַהוּא (יג—ח)

דִי מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז צוּ דֶערְצֵיילִין יְצִיאַת מִצְרַיִם דִי נַאכְט פוּן פֶּסַח.

דִי עֶרְשְׁטֶע אוּנ צְוֵויטֶע נַאכְט פוּן פֶּסַח 1) דַארְף דֶער פָאטֶער עֶרְקְלֶערִין דִי קִינְדֶער אוּנ אַלֶע בַּייזִיצֶער דֶעם צוּ גַאנְג פוּן סֵדֶר.

דֶער קִינְד פְרֶעגְט דִי אוּרְזַאכֶע, דִי פַארֶענְדֶערוּנְג פוּן דִי נַאכְט.

דֶער פָאטֶער עֶנְטְפֶערְט אִיהם, וִוי עֶס אִיז עֶרְקְלֶערְט אִין דֶער הַגָּדָה, דָאס מִיר פְרֵייעֶן זִיךְ אוּנ דַאנְקֶען דֶעם בּוֹרֵא אוֹיף דִי נִסִּים וָואס עֶר הָאט מִיט אוּנְז גֶעטָאן בַּיי דֶעם אַרוֹיסְגַאנְג פוּן מִצְרַיִם, אוּנ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגִין אוּנְז פוּן שְׁקְלַאפִין־דִינְסְט.

דִי דֶערְצֵיילוּנְג פוּן יְצִיאַת מִצְרַיִם פְלַאנְצְט אִין אוּנְז אַיין אֱמוּנָה אִין הַשְׁגָּחַת הַבּוֹרֵא, וִוי דֶער בּוֹרֵא הָאט דֶערהוֹיבְּט אִידִין וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען אוּנְטֶערְדְרִיקְט אוּנְטֶער דִי מִצְרַיִם, אוּנ דִי מִצְרַיִם אִין גַאנְצִין אוּנְטֶער גִיבְּרַאכְט, אוּנ אַז עֶר אִיז אַ מְשַׁנֶּה הַטֶּבַע, אוּנ בֶּעצָאלְט מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה. אוּנ וִוי שְׁלֶעכְט עֶס אִיז, טָאר מֶען זִיךְ נִיט מְיָאֵשׁ זַיין פוּן גָאטֶעס הִילְף, מֶען דַארְף נוּר צוּ אִיהם הָאפֶען.

דֶער גַאנְצֶער סֵדֶר דַארְף זַיין אָנְגִילֶעהֶענְד אוֹיף דֶער לִינְקֶער זַייט, אוֹיסֶער בַּיי מָרוֹר עֶסִין, וַוייל מָרוֹר אִיז אַיין אַנְדֵיינְקוּנְג וִוי דִי מִצְרַיִם הָאבֶּען אוּנְז דֶעם לֶעבֶּען פַארְבִּיטֶערְט, אוּנ עֶסֶען אָנְגִילֶעהֶענְד אִיז אַיין בֶּעוַוייז פוּן פְרֵייהַייט.

וֶוען מֶען מַאכְט אַ בְּרָכָה אוֹיף דִי כַּרְפַּס דַארְף מֶען טְרַאכְטִין יוֹצֵא צוּ זַיין מִיט בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה אוֹיף דִי מָרוֹר אוֹיךְ.

דֶער כּוֹס דַארְף הַאלְטֶען אַ רְבִיעִית 2), דִי כּוֹסוֹת וֶוען מֶען טְרִינְקְט אַ רוֹב כּוֹס אִיז מֶען אוֹיךְ יוֹצֵא, נוּר דֶעם פִירְטִין כּוֹס דַארְף מֶען אוֹיסְטְרִינְקֶען אִין גַאנְצִין מֶען זָאל קָאנֶען מַאכֶען אַ בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה.

דִי כּוֹסוֹת דַארְף מֶען טְרִינְקֶען וַויין, נוּר אוֹיבּ עֶס גֶעפַאלְט שְׁוֶוער צוּ טְרִינְקֶען, אִיז מֶען יוֹצֵא מִיט מֶעד אוֹיךְ.

נָשִׁים זַיינֶען מְחוּיָּב אִין גַאנְצֶען סֵדֶר, אוֹיסֶער אָנְגִילֶעהֶענְד.

אוֹיךְ אִיז מֶען מְחוּיָּב מְחַנֵּךְ זַיין קְטַנִּים אוּנ קְטַנּוֹת צוּם סֵדֶר.

אַלֶע פְּרָטֵי דִינִים אוּנ מִנְהָגִים פוּן פֶּסַח וֶועלְכֶע מִיר הָאבִּין דָא נִישְׁט גִישְׁטֶעלְט, אִיז עֶרְקְלֶערְט אִין שׁוּ"ע או"ח, אוּנ עֶס אִיז יָדוּעַ צוּם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוּמֶעדוּם.

וכל

---

1) ובא"י לילה הראשון לבד. 2) אויסמעסטין אויב עס האלט א רביעית טוהט מען אזוי, מען גיסט אן אפולע כלי מים וואסער, דער נאך גיסט מען איבער אין א אנדער כלי, נאך דעם לייגט מען אריין אין די ערשטע כלי דריי אייער נים אבגישיילטע אונ מען גיסט צוריק אריין די וואסער, בלייבט דאך איבער וואסער פון דעם ארט וואס די אייער פארנעמט, איז א העלפט פון די וואסער דאס הייסט ווי א איי מיט א האלבע איי דאס איז דער שיעור פון א רביעית.

### כב) וְכָל פֶּטֶר חֲמוֹר תִּפְדֶּה בְשֶׂה (יג—יג)

די מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, דֶעם עֶרְשְׁט־גֶעבָּארֶענֶעם פון אַ אֵייזִיל מֶענְלִיכֶע גִישְׁלֶעכְט, זָאל מֶען מִיט אֵיין שָׁאף אויסְלֵייזִין פון כֹּהֵן,

דֶער שָׁאף גִיהֶער צום כֹּהֵן אונ דֶער אֵייזִיל בְּלֵייבְּט בַּיי דֶעם בַּעַל הַבַּיִת.

דֶער שָׁאף קָאן וֶוערְט זַיין וַוייניגֶער וִוי דֶער אֵייזִיל.

אויךְ קָאן מֶען אויסְלֵייזֶען מִיט אֵיין אַנְדֶער זַאךְ, אַז מֶען לֵייזְט מִיט אַיין אַנְדֶער זַאךְ דַארְף מֶען פְרֶעגִין אַ שַׁאֲלָה וִוי צו טָאהן.

וִוי נור עֶר שֵׁיידְט אָב צו גֶעבִּין צום כֹּהֵן, מַאכְט עֶר די בְּרָכָה בא"י אמ"ה אקב"ו עַל פִּדְיוֹן פֶּטֶר חֲמוֹר.

די גְמָרָא זָאגְט אִין בְּכוֹרוֹת, ר' חֲנִינָא הָאט גִיפְרֶעגְט צו ר' אֱלִיעֶזֶר, וָוארום זַיינֶען דָאס די אֵייזְלֶען אַנְדֶערְשׁ פאר פֶערְד, קֶעמְלֶען, דָאס נור זַיי לֵייזְט מֶען אוים.

הָאט אִיהם ר' אֱלִיעֶזֶר גֶיעֶנְטְפֶערְט, אִין אֱמֶת דַארְף אונז גָאר נִיט זַיין קַיין קַשְׁיָא, דֶען גָאט פֶערְלַאנְגְט אַזוֹי, נור אַיין אַנְמֶערְקוּנְג קָאן מֶען זָאגִין: די אֵייזְלֶען הָאבֶען דָאס פֶערְדִינְט זַיי זָאלִין הָאבִּין אויף זִיךְ אַיין הֵיילִיגְקֵייט, וַוייל זַייא הָאבֶען גֶעהָאלְפִין אִידִין אִין אַרוֹיסְגַאנְג פון מִצְרַיִם, דֶען יֶעדֶער אִיד הָאט גֶעפִּיהרְט נֵיינְצִיג אֵייזְלֶען גֶעלָאדִין מִיט זִילְבֶּער אונ גָאלְד פון מִצְרַיִם.

### כג) וְאִם לֹא תִפְדֶּה וַעֲרַפְתּוֹ (שם)

די מִצְוַת עֲשֵׂה אִיז, אויב עֶר וִויל נִיט אויסְלֵייזִין, זָאל עֶר דֶעם אֵייזִיל דֶעם נַאקִין צו בְּרֶעכִין מִיט אַ פְלֵייש הַאק אונ בֶּענְרָאבִּין.

כֹּהֲנִים אונ לְוִיִּם זַיינֶען פָּטוּר פון פִּדְיוֹן פֶּטֶר חֲמוֹר.

# בשלח

-----------

## כד) אַל יֵצֵא אִישׁ מִמְּקוֹמוֹ בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי (טז—כט)

דִי מִצְוָה לֹא תַעֲשֶׂה אִיז. מֶען טָאר נִיט גֵיין שַׁבָּת אויסֶער דֶעם תְּחוּם[1].

מֶען מָאג גֵיין שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב צוּ צְוַויי טויזִנְד קְוַואדְרַאטְנֶע אֵיילִין[2], פוּן אַללֶע פִיער זַייטִין שְׁטָאט, אָדֶער פוּן אַ יִשׁוּב אוּנ נִיט מֶעהר.

דִי צְוַויי טויזִנְד אֵיילִין וֶועלְכֶע מֶען מָאג גֵיין, מָאג מֶען זַיי גֵיין הִין אוּנ צוּרִיק, אֲפִילוּ אִין וֶעלְכִינֶען טָאג, אִין אַלֶע פִיער זַייטֶען שְׁטָאט.

דָאס אִיז אַלֶעם פַאר דִי שְׁטָאט לַייט, אָבֶּער דֶער וָואס וואהְנְט אויסֶער דֶער שְׁטָאט אוּנ עֶר קוּמְט אִין שְׁטָאט שַׁבָּת, מָאג עֶר נוּר גֵיין בִּיז דֶעם אָרְט וואוּ זַיין תְּחוּם עֶנְדִיגְט זִיךְ.

אוֹיבּ מֶען לֵייגְט אַ עֵירוּב בַּיי דֶעם סוֹף דִי צְוַויי טויזִנְד אֵיילִין. מָאג מֶען גֵיין פוּן עֵירוּב אָן אוּנ וַוייטֶער צוּ צְוַויי טויזִנְד אֵיילִין פוּן אַלֶע פִיער זַייטִין עֵירוּב, נוּר מֶען פַארְלִירְט דִי צְוַויי טויזִנְד אֵיילִין פוּן דִי דְרַיי זַייטֶען שְׁטָאט[3], אוּנ טָאר שׁאהן נִיט אַרוֹיס גֵיין אֵיין טְרִיט פוּן דִי דְרַיי זַייטֶען שְׁטָאט.

דֶער כְּלָל אִיז, דֶער אָרְט פוּן עֵירוּב וֶוערְט זַיין אָרְט, וָואס עֶר הָאט פוּן אִיהם צְוַויי טויזִנְד אֵיילִין אִין יֶעדֶער זַייט.

אוֹיבּ עֶר הָאט גֶעלֵייגְט דֶעם עֵירוּב אִין דִי צְוַויי טויזִנְד אֵיילִין, לְמָשָׁל עֶר הָאט גֶעלֵייגְט דֶעם עֵירוּב טויזִנְד אֵיילִין, אִין מַעֲרִיב זַייט שְׁטָאט, הָאט עֶר פוּן עֵירוּב אָן אִין אַלֶע זַייטֶען צוּ צְוַויי טויזֶענְד אֵיילֶען, נוּר גֶעגֶען דֶער זַייט וואוּ עֶר הָאט גֶעלֵייגְט דֶעם עֵירוּב, דָאס הֵייסְט אִין מִזְרָח זַייט הָאט עֶר נוּר טויזִנְד אֵיילֶען.

הַכְּלָל ווִי וַוייט עֶר רוּקְט זִיךְ אַרַיין מִיט דֶעם עֵירוּב אִין דֶער זַייט, אַזוֹי פִיל פַארְלִירְט עֶר אִין דֶער זַייט וָואס אַנְטְקֶעגִין.

אִין שְׁטָאט גוּפָא מָאג מֶען גֵיין שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב הִין אוּנ צוּרִיק אֲפִילוּ וִיא הַאלְט מַיילִין גְרוֹיס.

דֶער עֵירוּב וָואס אִיז מַתִּיר צוּ גֵיין חוּץ לַתְּחוּם, הֵייסְט עֵירוּבֵי תְּחוּמִין,

ווי

-----

1) מה"ת ג׳ פרסאות. 2) דאס הייסט צוויי טויזנד איילין די לייננ אויף צוויי טויזנד איילין די ברייט. 3) אויסער די פיער איילען וואס יעדער מענש האט וואו ער שטייט.

ווי מֶען מאכט דעם ערוב און פון וועגען וואס מען ליינט א ערוב דארף מען פרעגין א שאלה.

דער ערוב איז נור מתיר צו גיין, פון וועמעס וועגין מען האט דעם ערוב געליינגט.

בעת מען ליינט דעם ערוב מאכט מען א ברכה בא"י אמ"ה אקב"ו על מצות ערוב.

די ישוב לייט וועלכע ליינין א ערוב פון וועגען א מנין, ווייל ביי זיי איז חביב די מצוה פון מנין גייען זיי מאנכע מאהל מעהר ווי דער דין איז, אדער מאנכע מאהל קומט אוים צו גיין איבער א פראם זאל מען ניט גיין אן א שאלה.

ווי צו מאכען א ערוב מען זאל מאגען טראגען אין גאנץ שטאט אדער אין א גאס, אדער פון איין הויז אין די צווייטע, ווער עס ווייס ניט קלאר די דינים דארף פרעגין א שאלה ווי צו מאכען דעם ערוב.

אפילו וואו מען מאג טראגין אום שבת, איז דער דין, אז אהן א ערוב חצירות טאר מען ניט טראגין אפילו אין זעלבען הויף, און ניט פון הויף אין די דירות, און ניט פון די דירות אין הויף, אויך ניט פון איין דירה אין די צווייטע.

דער ערוב חצרות ווערט געמאכט אין צוויי אופנים, אדער יעדער איינ־וואהנער פון הויף גיט עטוואס מעהל און מען באקט וואס אוים דער פון. אדער איינער מאכט פאר זיך און איז אלעמען מזכה דורך איין אנדערין, דאס הייסט, ער גיט ערב שבת צו איין מענשען די חלה, און דער מענש הויבט איהר אויף און טראכט דאס אין דעם פת זאלען אלע איינוואהנער א טהייל האבען, דורך דעם מאג מען שאהן טראגען איבעראלל אין אללע וואהנונגען.

דער וואס מאכט דעם ערוב חצרות זאגט ווי געדרוקט אין סדור.

אללע פרטי דינים פון ערוב איז ערקלערט אין שו"ע או"ח.



